מײַן חשובֿן ברודער אַהרן שטײנהאַרט

פֿון גולד אין קילטער טויט.

א מתנה

הערש שטײנהאַרט

ניו יאָרק אָקטאָבער 29טן 1947

הערש שטיינהאַרט

---

# איינער פון פאָלק האָט דאָס וואָרט

---

פאַרלאַג „לאַנדסלייט", 1947

הערש שטיינהאַרט

---

# איינער פון פאָלק האָט דאָס וואָרט

---

פאַרלאַג „לאַנדסלייט", 1947

# עטלעכע ווערטער

איך האָב אָנגעשריבען אָט די בראָשורקע, ניט דערפאַר וואָס איך האָב וועלכע עס איז פּרעטענזיעס אויף שרייבעריי, נאָר ווי אַ טוער אין אַ ריי געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, קעגן וועמען עס ווערט אָנגעפירט מצד געוויסע פּערזאָנען אַ שמיר־פּראָפּאַגאַנדע מיט פּראָוואָצירנדיקע פראַגעס, האָב איך דאָס געמוזט טאָן, כדי אויפצודעקן וואוהין אָט יענע פּראָפּאַגאַנדע צילט.

צו זיין אַ געזעלשאַפטלעכער טוער מיט אַן אייגענער מיינונג, איז ניט פון די גרינגע זאכן. עס איז אָבער נאָך פיל שווערער, ווען מען איז אַ פּראָגרעסיווער מענטש און מען קעמפט פאַרן אמת, יושר און גערעכטיקייט. אָ, דאַן, דאַן ווערט איר שוין באַשולדיקט אין אַלץ אין דער וועלט!

אָפּצושלאָגן אָט די אַלע אַטאַקעס, בין איך — ווי יעדער טוער — הילפלאָז. די פּרעסע איז פאַרמאַכט פאַר דיר. אָבער שווייגן קאָן מען דאָך דאָס אויך ניט, מוז מען דעריבער זוכן אַ וועג ווי אַזוי צו קומען צום אויסדרוק, און דערפאַר טאַקע — די בראָשורקע.

איך וויל דערמיט דערגרייכן צוויי זאכן. ערשטנס, ארויסלייגן מיין פּאָליטישן אני־מאמין — מיין געדאַנקען־גאַנג, אַזוי צו זאָגן און, צוויי, פּאָרצוזעצן מיין קאַמף קעגן יענע אַלע, וואָס ווילן זען אייראָפּע יידן־ריין. און וואָלטן די קאָסטן פון דרוק ניט געוועזן אַזעלכע ריזיקע, וואָלט דאָס געוועזן אַ בוך פון אַרום 100 זייטן. אָבער צוליב די גרויסע קאָסטן האָב איך דאָס קאָנדענסירט צו בלויז 40 זייטלעך.

מיט דעם שטעל איך זיך צום משפט פאַר דער עפענטלעכקייט. און וואָס דער אורטייל זאָל ניט זיין, פאַרזיכער איך די לייענער, אַז איך האָב דאָס געשריבן מיט אויפריכטיקער און טיפער אחריות. דאָס איז מיין גלויבן!

# ס׳טאָר קיין יציאת פּוילן ניט זיין

דורך דער צייט פון דער מלחמה האָט זיך צו אונדז דערטראָגן פאַרשידענע נייעסן וועגן דעם גורל פון יידן אין אייראָפּע, און מיר האָבן ניט געוואוסט די ריכטיקייט פון די נייעסן און ניט באַגריפן וואָס פאַר אַ שווידער די יידן אין אייראָפּע האָבן איבערגעלעבט.

ווען די דייטשע בעסטיע איז באַזיגט געוואָרן און די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָבן מיר זיך ערשט דערוואוסט, אַז די קאַטאַסט־ראָפע איז אַ סך שווידערלעכער ווי מיר האָבן זיך אפילו פאָרגעשטעלט.

דאַן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קיין אייראָפּע אַ צאָל יידישע „פּאַר־זאָרגער” פון דעם מאַרגאָשעס און סעגאַל־טיפּ, און האָבן אָנגעפירט אַן אַגיטאַציע צווישן די איבערגעבליבענע יידן דאָרט, אַז דאָס איינ־ציקע זיכערע פּלאַץ פאַר זיי איז נאָר ארץ ישראל. זיי האָבן אויסגע־אַרבעט אַ פּלאַן פאַר יציאת פּוילן און יציאת אייראָפּע. זיי האָבן אפילו געשאַפן אַ קאָמיטעט פון רבנים אַף אַרויסצוראַטעווען די ספרי־תורות פון פּוילן . . . אַט די יציאת־פּוילן־מענטשן — די ווייכ־האַרציקע היפּאָקריטן, וואָס פאַרגיסן נעבעך קראָקאָדיל־טרערן אויף די ליידן פון דעם שארית הפליטה, נוצן אויס די ליידן פון די אומ־גליקלעכע מענטשן פאַר זייערע איינגענע פּאַרטיי־צוועקן.

אין דער זעלביקער צייט האָט זיך גראָד אונטערגערוקט דער קעל־צער פּאָגראָם, און דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ באַשטעטיקונג אויף זייערע פינצטערע פּלענער. די אַגיטאַציע איז געוואָרן שטאַרקער. יעדן טאָג האָבן די צייטונגען געבראַכט נייע, „שווידערלעכע” נייעסן, אַז מען לויפט, מען פליט פון פּוילן, און יעדן טאָג האָט מען געזען אין די צייטונגען אַלץ נייע פּאָגראָמען . . .

מיר האָבן שוין דאַן געוואוסט, אַז דער פּוילישער אונטערגרונט איז געשטאַנען אין ענגן קאָנטאַקט מיט די אַמעריקאַנער און ענגלישע אַמבאַסאַדעס און איז געשטיצט געוואָרן מיט געלט און געווער מצד ענגלאַנד און אַמעריקע. דער קעלצער פּאָגראָם איז געווען, האָבן מיר געוואוסט, אַ טעראָר־אַקט ניט בלויז קעגן יידן, נאָר אויך קעגן דער פּוילישער נייער דעמאָקראַטיע . . .

ניין, מיר דאַרפן ניט קיין מורא האָבן צו דערציילן, אַז דער אַמעריקאַנישער אַמבאַסאַדאָר, מר. לעין, פּונקט ווי זיין בריטישער קאָלעגע וויקטאָר קאַוועגטיש־בענטינק, האָבן געהאַט אַ היפּשן חלק

אין דעם פּאָגראָם און אַז זייערע הענט זיינען אויסגעשמירט מיט דעם בלוט פון די קרבנות פון דעם קעלצער פּאָגראָם.

יעדער פּראָגרעסיווער מענטש האָט שוין דאַן פאַראויסגעזען, אַז מיט דעם זיג פון די דעמאָקראַטישע כוחות אין די וואַלן אין פּוילן, וועט די אינערלעכע לאַגע זיך סטאַביליזירן צום גוטן אויך פאַר די פּיל־געפּלאָגטע יידן. מען האָט שוין דאַן פאַרשטאַנען, אַז דאַן וועט זיך אויף דער יידישער גאַס אָנהייבן אַ שעפערישע טעטיקייט; אַז די מענטשן, וואָס האָבן אין די לעצטע 7 יאָר איבערגעלעבט אַזעלכע איבערמענטשלעכע יסורים און פּיין, וועלן זיך ווידער קענען פאַר־טראַכטן וועגן אַ נייער, ליכטיקער צוקונפט אין דעם לאַנד וואָס איז באַ זיי אַזוי ליב און טייער, אין לאַנד וואו זיי האָבן פאַרלוירן זייערע אייגענע און נאָענטע.

יעדער פּראָגרעסיווער מענטש האָט באַגריפן, אַז דער טראַגישער שאָטן טאָר ניט פאַרשטעלן דאָס ליכט פונעם שיינעם מאָרגן און פון דער גליקלעכער צוקונפט וואָס דערוואַרט אונדזער פאָלק אין פּוילן . . .

איך בין איבערציינגט, אַז דאָס היינטיקע פּראָגרעסיווע פּוילן וועט ניט נאָר פאַרלייכטערן דאָס לעבן פון די געבליבענע יידן דאָרט, נאָר וועט אויך פאַרגיטיקן פאַר זייערע אַלע פריערדיקע ליידן. דאַגעגן איז אָבער קאַפּיטאַליזם און רעאַקציע פּשוט אַ לעבנס־געפאַר פאַרן יידישן פאָלק. און דאָס מוז מען געדענקען ווען מען רעדט וועגן די יידן אין פּוילן.

וואָרים אין עצם זאַך איז דער געדאַנק וועגן יציאת אייראָפּע ניט מער און ניט ווינציקער ווי אַ היטלער־פּלאַן. אין די אַלע יידישע יציאת־אייראָפּעניקעס ווילן דורכפירן היטלערס טרוים, צו מאַכן איי־ראָפּע יידן־ריין. דעריבער מוזן אָט די אַלע פרעדיקער פון יציאת־אייראָפּע באַטראַכט ווערן ווי איינפאַכע קוויזלינגס, פאַררעטער וואָס וועלן ברענגען בלויז צרות דעם יידישן פאָלק, אויב זייער פּלאַן זאָל חלילה ווערן אַ ווירקלעכקייט. אָ, וואָס פאַר אַ פרייד דאָס וואָלט אַרויסגערופן ביי אַלע יידישע שונאים איבער דער גאָרער וועלט ! דאָס וואָלט דאָך זיי געגעבן ממש אַ קוואַל פאַר פרישער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע. זיי וואָלטן, און מיט רעכט, געקענט אָנווייזן צו זייערע צוהערער, אַז אויב פּוילן האָט געקענט פּטור ווערן פון די יידן, פאַרוואָס זשע זאָלן מיר דאָס ניט קענען ?

אָט די יידישע קוויזלינגס פאַרשטייען ניט, אָדער מאַכן זיך ניט פאַרשטיין, אַז ארץ ישראל קאָן ניט לייזן דעם יידישן פּראָבלעם און אַז יידן וועלן פאָרט מוזן בלייבן אין גלות. די „גרויסע רעטער” פון יידישן פאָלק רעכענען זיך ניט מיט דער אַקסיאָמע, אַז ווען מען טרעט צוריק פון איין פּאָזיציע אין שלאַכט, מוז מען זיך אויך צוריק־

ציען פון אנדערע פּאָזיציעס, אנדערש איז פאראן א געפאר אינגאנצן פאַרניכטעט צו ווערן . . . האָבן זיי צוגעגרייט דאָס הינטערלאַנד פאר א פולער יציאה ? זיי ווייסן גאַנץ גוט, אַז פּאַלעסטינע איז צו קליין אַריינצונעמען אַלע יידן, די איבעריקע וועלט האָט פאַרהאַקט די טירן פון די אַנדערע לענדער פאַר די יידן, איז געוואָרן א כאָאָס. האָבן זיי, די „פאַרזאָרגער", דאן געטריבן די געראַטעוועטע יידן צוריק קיין דייטשלאַנד, ווידעראַמאָל אין די לאַגערן אַריין, און זיי געגעבן א צוזאָג זיי פּאָרט ברענגען קיין ארץ ישראל. זיצן די היימלאָזע יידן אין די דייטשישע לאַגערן, זיצן אָן קיין שום צוקונפט און אָן קיין שום אויסזיכט נאָך אַזויפיל יאָרן פון ליידן און פּיין. און דער רע־זולטאַט ? — ווערנדיק אַנטוישט פון וואַרטן ווערן זיי דערפירט צו מאָראַלישער רואינע, רעזיגנירן זיי און זיינען גרייט צו בלייבן אין דייטשלאַנד צווישן די נאַציס . . .

פון די פאַרשידענע ידיעות, וואָס קומען אָן פון די לאַגערן, איז די לאַגע פון אונדזער שארית הפליטה ממש א טראַגישע. דער אומרו איז גרויס און דאָס געדולד הויבט אָן פּלאַצן . . .

אין יענער צייט בין איך געווען א דעלעגאַט צו א קאָנפערענץ פון מיינע לאַנדסלייט, וואָס איז פאָרגעקומען אין טאָראָנטאָ דעם 8טן סעפּטעמבער, 1946. אויף די פּלאַקאַטן, וואָס זענען געשטאַנען אין די דאָרטיקע געשעפטן אויף ספּעדיינע עוועניו, אויף צו באַ־גריסן די דעלעגאַטן, האָט זיך געלייענט: „מען מוז אַרויסראַטעווען די יידן פון פּוילן ! יידן טאָרן ניט טרעטן אַף דער פּוילישער באָר־בלוטיקטער ערד א.א.וו. . ." דאָס איז געווען אומזיניק און פאַר־ברעכעריש. איך גלויב, אַז עס איז אין די אינטערעסן פונעם גאַנצן יידישן פאָלק, אַז יידישע ישובים זאָלן זיך געפינען אומעטום, אין אַלע לענדער, און אַז עס איז אונדזער פליכט צו העלפן בויען אָט די ישובים פאַר א געזונט יידיש לעבן. האָב איך ביי אָט דער קאָנפערענץ פאָרגעשלאָגן א פּלאַן פון אַרבעט. איך האָב געזאָגט:

„. . . דער ערשטער צוזאַמענקונפט פון די אָסטראָווצער לאַנדס־לייט אין טאָראָנטאָ קומט פאָר אין א מאָמענט פון דער גרעסטער היסטאָרישער באַדייטונג.

„מיר האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט אין א צייט ווען אָסטראָווצע איז נאָך דערוויל „יידן־ריין". עס ווילט זיך אָבער זען אין אָסטראָווצע, אין דער שטאָט וואו מיר זיינען געבוירן און דערצויגן געוואָרן, וואו מיר האָבן די ערשטע טריט געשטעלט, וואו מיר האָבן אונדזערע קינ־דערשע חלומות געוועבט, — ווילט זיך דאָרט זען א יידישן ישוב ! זאָל דאָרט ווידעראַמאָל קלינגען דאָס יידישע וואָרט, דאָס יידישע ליד ! אַז די שלמה׳לעך און רבקה׳לעך, די קינדער פון אונדזער פאָלק, זאָלן

ווידער טרעטן אויף די זעלביקע גאסן פונקט ווי מיר בעת מיר זיינען קינדער געווען! . . .

„דער טראגישער אומקום פון אונדזערע אַסטראָווצער לאנדס־לייט סימבאָליזירט דעם גורל פון טויזנטער אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך. דער גרעסטער טייל פון אונדזערע ברידער און שוועס־טער איז אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַזאַ אופן, וואָס שטעלט אין שאָטן די גרוילן פון ביאַליקס „שחיטה־שטאָט". נאָך קיינמאָל ניט אין דער יידישער געשיכטע, אין דער געשיכטע פון דער גאנצער וועלט־מענטשהייט, איז נאָך אַזוי ניט באַליידיקט און געפייניקט געוואָרן אַ פאָלק! מען טאָר אָבער ניט פאַרגעסן, אַז ניט אַלע קדושים פון אונדזער פאָלק זיינען געגאַנגען צו דער שחיטה ווי געבונדענע, הילפלאָזע קעלבער. עס זיינען געווען אַזעלכע, ווי מיר אַלע ווייסן, וואָס האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט אין די וועלדער; וואָס זיינען געפאַלן מיט דעם ביקס אין האַנט — אין דער קעמפערישער טראַדיציע פון בר כוכבא! . . . אָ, אוודאי טרויערן מיר אויף די דערשטיקטע אין די גאַז קאַמערן, אָבער מיר שעפּן אויך אַ סך פון דעם שטאָלץ פון דעם ווידערשטאַנד און קאַמף פון די פאַרטיזאַנער און די געטאָ־העלדן, וואָס האָבן זיך געלערנט צו שטאַרבן ווי בר־כוכבא! . . .

„דער בר־כוכבא־אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכן 65 יאָר נאָך דעם צווייטן חורבן. אַקסל צו אַקסל מיט בר־כוכבאן איז געגאַנגען אונדזער תנא רבי עקיבא.ביידע זענען זיי געשטאָרבן אויף קידוש־השם . . . דער היטלער פון יענער צייט — דער רוימישער קייסער אדריאַן, האָט ניט נאָר באַזיגט דעם בראַווען ייד בר־כוכבאן, נאָר האָט זיך אויך אָפּגערעכנט מיט דעם גאַנצן יידישן פאָלק. אדריאַן הרשע האָט אויסגעקוילעט אַ האַלבן מיליאָן יידן; געפאַנגענע יידישע פרויען זיינען געוואָרן צו שמאַך און שאַנד; קינדער און טאַטעס זיינען פאַרקויפט געוואָרן פאַר אייביקע שקלאַפן איבער דער גאָרער וועלט. יהודה איז חרוב געוואָרן! אויפן באַרג מוריה, אויף דעם פּלאַץ פון בית המקדש, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ רוימישער געץ צום גאָט יופּיטער. אפילו דער נאָמען ירושלים איז אַוועקגענומען געוואָרן פון דער יידישער הויפּט־שטאָט, און דער שונא האָט זי אַ נאָמען געגעבן: „עליאַ קאַפּיטאַלינאַ".

„אונדזער איצטיקער חורבן בבלל און דער חורבן פּוילן בפרט קאָן פאַרגליכן ווערן צו אָט דער בר כוכבא־פּעריאָדע אין אונדזער יידישער געשיכטע. עס האָט דעמאָלט אויסגעזען, אַז דאָס איז שוין דער סוף פון אונדזער פאָלק! . . . אויך איצט, אין מאָמענטן פון פאַרצווייפלונג, דאַכט זיך, אַז מיר געפינען זיך ביים ראַנד פון אונ־טערגאַנג. און באמת, דער וואָס טראַכט זיך אריין טיפער אין דער

באדייטונג פון דער אויסשלאַכטונג פון דעם בעסטן זעקסטל פון אונדזער פאָלק, מוז אַריינפאַלן אין אַ באַרעכטיקטן יאוש. עס פּילט זיך דאַן אַ פאַרלאַנג צו גיין אויף די חורבות פון אונדזער היים־שטאָט אָסטראָווצע און, ווי ירמיהו, קלאָגן אויף אונדזער חורבן. אָבער ניין! מיט בלויז קלאָגן וועלן מיר ניט העלפן אונדזערע לעבן־געבלי־בענע ברידער און שוועסטער! תכריכים פאַר די טויטע און ברויט פאַר די לעבעדיקע — מוז ווערן דער לאָזונג, וואָס זאָל מאָנען און שרייען . . .

„הילף! הילף! הילף! פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד — מוז זיך דער לאָזונג צעטראָגן. קיינער, קיין איינציקער מענטש, קיין איינציקער ייד, טאָר ניט פאַרשטיינערן זיין האַרץ און נשמה און פאַרמאַכן די האַנט פון הילף פאַר די טויזנטער יתומים, פאַר די הונגעריקע און צעפּייניקטע לעבן־געבליבענע ברידער און שוועס־טער! . . .

„מיינע אָסטראָווצער לאַנדסלייט! ברידער און שוועסטער מיינע! מיר זיינען זיך היינט דאָ צוזאַמענגעקומען צום פערטן יאָר פון דער אויסשלאַכטונג פון צען (10) טויזנט קדושים פון אונדזער היים־שטאָט אָסטראָווצע!

„מיר שטייען היינט מיט געבויגענע קעפּ איבער דעם פרישן מאַסן קבר. מיר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען צו זאָגן יזכור נאָך די וואָס זיינען אומגעקומען דורך פאַרגוואַלטיקונגען, דורך הונגער און קעלט, דורך שמוץ אַף זייערע נאַקעטע, אויסגעמאַרעטע קערפּערס! און ווי גרויל־האַפטיק עס זאָל ניט זיין פאַר אונדז דאָס צו הערן, איז עס אונדזער חוב היינט צו דערמאָנען די אַלערליי פּייניקונגען מיט וועלכע די נאַצי־קאַניבאַלן האָבן פאַרפּייניקט אונדזערע ברידער און שוועסטער . . . די געוויינטלעכע מעטאָדע פון די בני־המן איז געווען: אויסצוגראָבן גריבער אין וועלכע זיי האָבן אַריינגעשליידערט ד קרבנות לעבעדיקערהייט, זיי אויסגעלייגט קערפּער צו קערפּער, קער־פּער אויף קערפּער, און גענומען שיסן אויף זיי. יענע וואָס זענען געלעגן אין די אויבערשטע רייען זיינען דערשאָסן געוואָרן די ערשטע, און דאַן האָט מען די גריבער, מיט האַלב־לעבעדיקע יידן אין זיי, פאַרשאָטן מיט ערד. און ווען די דייטשישע קאַניבאַלן זיינען אַוועק, האָבן זיי איבערגעלאָזט ביי די קברים ווילדע הינט, אַזוי, אַז ווען איינער פון די באַגראָבענע האָט גענומען קריכן פונעם מאַסן־קבר ארויס, האָבן אים די ווילדע הינט צעריסן. אָבער אַ טייל פון אָט די צעפּייניקטע ברידער און שוועסטער האָבן דאָך באַוויזן זיך אַרויס־צוראַטעווען, נאָר זיי זיינען שוין געבליבן פיזיש קראַנק און גייסטיק צעבראָכן. ווי, די מאַרטירער, וואַלגערן זיך איצט אין די קאָנצענ־

טראַציע־לאַגערן פון דייטשלאַנד און שטרעקן אויס זייערע הענט צו אונדז נאָך הילף!

„קיין האַנט טאָר דעריבער דאָ היינט ניט פאַרמאַכט ווערן פון געבן הילף פאַר די היטלער קרבנות!

„מיר, די גליקלעכע, וועלכע האָבן געהאַט דעם מזל אויסצו־מיידן דעם גורל פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, טאָרן דאָ ניט בלייבן זעלבסטצופרידן און פאַרמאַכן די אויגן איבער דעם גרויסן חורבן אין דער געשיכטע פון פעלקער! לאָמיר, אַסטראָווצער לאַנדס־לייט, ווייזן די לעבן־געבליבענע, אַז מיר זיינען מיט זיי, אַז מיר וועלן זיי ניט פאַרלאָזן אין זייער גרעסטער נויט!...

„היינט בייטאָג, ווען מיר זאָגן יזכור נאָך אונדזערע נאָענטסטע, וועלכע זיינען דערשטיקט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן און פאַרברענט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס, — טאָרן מיר אויך ניט פאַרגעסן אין די לעבן־געבליבענע, אָבער קראַנקע אַסטראָווצער לאַנדסלייט, וואָס ליידן פון שווינדזוכט אין די דייטשישע סאַניטאָריאומס, און נויטיקן זיך אין פרישער, נאַרהאַפטיקער שפּייז. מיר מוזן זיי קרעפטיקן, אַז זיי זאָלן קאָנען קומען צו זיך און מען זאָל זיי קענען אַריבערשיקן אין דער שווייץ און דורך דעם אפשר נאָך אָפּראַטעווען אַ טייל פון די היטלער־קרבנות!

„מיינע אַסטראָווצער לאַנדסלייט! איך רוף אייך צו פאַראייניקן אונדזערע כוחות, ניט געקוקט דערויף צו וואָסער איינעמס פּאָלי־טישער גלויבן איז, און צוזאַמען העלפן צוריק אויפבויען אונדזער היים־שטאָט אַסטראָווצע! נאָך אונדזער גרויסער פאָלקס קאַטאַסט־ראָפע מוזן מיר זיך האַלטן ברידערלעכער, חברישער! דעם האַס מוזן מיר שפּאָרן פאַרן אַלגעמיינעם שונא, און די ליבשאַפט — טיילן צווישן זיך אַליין! מיר טאָרן ניט אַריינפאַלן אין דעם שעדלעכן זומפּ פון די רעאַקציאָנערע כוחות אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע, וועלכע זיינען גרייט אויסצופילן היטלערס וויסטן טרוים, אַז איראָפּע זאָל ווערן יידן־ריין! מיר מוזן אַנטקעגן קומען און העלפן דער נייער פּוילישער פּראָגרעסיווער רעגירונג צו באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן, וואָס ווערט דאָרט אויפגעהאַלטן פון די פינצטערע כוחות!

„אמת; דאָס לעבן פון דעם פּוילישן יידן איז נאָך דערווייל טאָקע ניט זיכער. אָבער מיר טאָרן זיך ניט אָנשליסן אין די רייען פון די פּאַניק־מאַכער און דורך דעם אַריינשפּילן אין די הענט פון די יידישע שונאים . . .

„אין די יידישע קינדער־היימען אין פּוילן געפינען זיך איצט צוועלף (12) טויזנט קינדער. עס זיינען פאַראַן מאַסן אַרבעטער־קאָאָפּעראַטוון. עס זיינען שוין פאַראַן דאָרט 4,000 יידישע קוילן־

גרעבער — אַלע צוריקגעקומענע פונעם סאָוועט־פאַרבאַנד, וואו זיי האָבן זיך אויסגעלערנט די אַרבעט. אין די יידישע קינדער־שולן לערנען זיך 4,500 שילער. עס בויען זיך מאַסן קולטור־אינסטיטוציעס, ווי געזאַנג־פאַריינען און דאָס גלייכן. די רעגירונג האָט אָפּגעגעבן די בעסטע הייזער פאַר יידן. זי העלפט מיט אַלע אירע כוחות, אַז די 150 טויזנט יידן, וואָס קומען צוריק פונעם סאָוועטן־פרבאַנד, זאָלן זיך איינאָרדענען אין פוילן. אפילו איצט, נאָך דעם קעלצער פּאָגראָם, טאָרן מיר ניט צולאָזן דעם געדאַנק פון א יציאת־פּוילן!

„די העראָאישע קאַמפן פון אונדזערע יידישע העלדן אין דער וואַרשעווער געטאָ און אין אַנדערע געטאָס, וועלכע האָבן אָנגעצונדן פייערן פון קאַמף אויף נקמה צו נעמען פאַר די ליידן פון אונדזער פאָלק — זיינען אַ שטאָלץ פאַר אונדז. לאָמיר זיי בענטשן און הייליק האַלטן זייער העלדישקייט אין אונדזער פאָלקס זכרון אויף דור דורות!

„די פּאַלעסטינער יידישע העלדן שאַפן פיל כבוד דעם יידישן פאָלק. עס איז אַ פרייד צו הערן און זען די יידישע גיבורים מיט געווער אין די הענט אין קאַמף קעגן דעם שונא. אָבער פּאַלעסטינע אַליין קאָן ניט לייזן דאָס יידישע פּראָבלעם. מיר מוזן אויפהערן צו רעדן אויף אַ שפּראַך פון פאַרשידענע פּאַרטייען און אַלערליי סעקטעס. מיר מוזן האַנדלען ווי אַ פאַראייניקט פאָלק, און ווי אַזאַ דאַרפן מיר מאָנען און פאָדערן, אַז די טויערן פון אַלע לענדער אין דער וועלט — פּאַלעסטינע איינגעשלאָסן — דאַרפן זיך עפענען פאַר יידישער עמיגראַציע! די אַרויסגעראַטעוועטע יידן פון היטלערס גיהנם זיינען שוין געוואָרן דער אַוואַנגאַרד פון יידישן לעבן אין בעלגיע, אין פראַנקרייך און אין די אַנדערע לענדער . . .

„צו אָט די יידן מיט די אויסגעברענטע צייכנס אויף זייערע אָרעמס; צו אָט די פון די מאָרד־לאַגערן, וועמעס פאַמיליעס עס זיינען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן און די אויוונס — לאָמיר אויסשטרעקן אונדזערע ברידערלעכע הענט! דאָס איז די באַלדיקע אויפגאַבע פון די אַמעריקאַנער יידן! מיר מוזן זיך שטעלן פּלייצע צו פּלייצע לעבן אונדזערע ברידער און שוועסטער, וועלכע זיינען גרייט צו בויען אַ ניי לעבן אין פּוילן, און דערצו אויך אויף אַ וויר־דיקן אופן העלפן אויסוואַנדערן אָט יענע, וועלכע האָבן שוין ניט קיין פיזישן און גייסטיקן כוח צו בלייבן אין פּוילן. מיר מוזן זיך באַפליגלען זיך מיט די וויזיעס פון די נביאים יואל, עמוס, יחזקאל און ישעיהו פון מיט דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק, כדי דורכגעדרונגען צו ווערן מיט זייער קאַמף, מיט זייער האָפנונג, מיט זייער טרייסט! מיר, וועלכע האָבן אַריבערגעלעבט אַלע פּרעהס פון מצרים און די אַלע אַלטע אימפּעראַטאָרן פון אשור, בבל, פּערזיע, גריכענלאַנד־

און רוים, ביז דעם סאַמע בלוטיקסטן רשע פון אַלע טיראַנען — היטלער, וועלן אויך בייקומען אונדזערע אַלע איצטיקעליידן. לאָמיר נאָר שטאַרקער שמידן פאַראייניקטערהייט דעם וואָפן פון קאַמף קעגן די אינערלעכע און אויסערלעכע שונאים, וועלן מיר דאָן אַלע שטע־רונגען באַזיגן!

„זאָל איבער די קברים פון אונדזערע קדושים הילכן דאָס לעבן פון אונדזער שארית־הפליטה! לאָמיר זיך שטעלן אין די רייען פון די וואָס פאָדערן און זיינען גרייט צו בויען אַ יידיש לעבן אין פוילן! לאָמיר העלפן שליסן אַ ברידערלעכע סאָלידאַריטעט צווישן די יידן פון אַמעריקע מיט די יידן פון פוילן, מיט זייער גורל און צוקונפט. און וואָס מיר זאָלן ניט זאָגן, וואָס אונדזער צוגאַנג זאָל ניט זיין צו דער אָדער יענער פראַגע פון אונדזערע לעבן געבליבענע יידן, מוז איין זאַך קלאָר זיין, אַז מאַטעריעלע הילף מוז שטיין אויף אונדזער טאָג־אָרדענונג אויפן סאַמע ערשטן פּלאַץ! לאָמיר העלפן בויען אַ נייעם, פרייען יידישן לעבן אין **פוילן!**

„אַסטראָווצער לאַנדסלייט! מיר האָבן געליטן אַ שרעקלעכן פאַר־לוסט. 16,000 פון אונדזערע לאַנדסלייט זיינען אומגעקומען אין דעם איצטיקן קאַמף צווישן פעלקער; מיר זיינען טאַקע ווייניקער אין צאָל, אָבער מיר האָבן געשטיגן אין מוט, מיר האָבן גלויבן אין אונדזערע כוחות, מיר האָבן רעספּעקט פאַר אונדזער פאַרגאַנגענהייט און זיינען שטאָלץ מיט אונדזער קעגנוואַרט! טאַ לאָמיר אויך האָבן גלויבן און בטחון אין אונדזער צוקונפט . . .״

אויסצוגן פון אָט דעם פּלאַן איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער פּראָגרעסיווער יידישער צייטונג, די „מאָרגן־פרייהייט״.

אין דער זעלבער צייט וואָס די אויסצוגן זיינען געדרוקט געוואָרן, האָב איך דערהאַלטן אַ צאָל בריוו. אין אַ טייל האָט מען מיר גע־שריבן קאָמפּלימענטן און אין אַ טייל האָט מען מיר געשטעלט פאַר־שידענע פראַגן. און אַזוי ווי איך האַלט, אַז די פראַגן טראָגן אַ גע־זעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, וועל איך זיי פּרובירן פאַרענטפערן.

צווישן די פראַגן זיינען געווען:

„פאַרוואָס זייט איר אַזוי פאַראינטערעסירט אַז יידן זאָלן זיין אין פוילן, בעת איר ווייסט, אַז זיי זיינען דאָרט ניט זיכער?״

„פאַרוואָס זייט איר קעגן פּאַלעסטינע? פונוואַנען ווייסט איר, אַז ארץ ישראל קאָן ניט לייזען דעם יידישן פּראָבלעם? איז דאָס דערפאַר וואָס איר זייט אַ קאָמוניסט?״

„וואָס זאָלן טאָן די יידן, וועלכע געפינען זיך אין די דייטשישע קעמפּס און האָבן ניט קיין אַנדער פּלאַץ וואו צו גיין נאָר קיין פּאַלעס־טינע?״

„וואָס איז אייער פּלאַן אויף צו לייזען דעם יידישן פּראָבלעם ?"

די און נאָך אַנדערע פראַגן, וואָס זוכן צו באַליידיקן, אָדער זוכן מאָטיוון ביי מיר. און אויך זיי וועל איך ענטפערן אָבער איך מוז פריער ברענגען אויסצוגן פון בריוו, וועלכע איך האָב דערהאַלטן פון וואַרשע, פּוילן, פון דעם געוועזענעם פּרעזידענט פועם אַסטראָוור־צער קאָמיטעט אין פּוילן און אַנדערע :

„וואַרשע, 27טן נאָוועמבער 1946

„מיין ליבער הערש שטיינהאַרט :

„אייער רעדע געליינט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אייער צו־גאַנג צום ענין איז אָן גרונט. גלייבט מיר, אַז אייער ברודער אלימלך, וועלכער איז געווען אַ רעכטער פּ.צ., ווען ער וואָלט איבערגעלעבט, וואָלט ער אייך אַנדערש אויפגעקלערט, נאָר פאַרפאַלן. נאָך מיט 800 יאָר צוריק האָט דער רמב"ם, באַקאַנט אונטערן וויסנשאַפטלעכן וועלטלעכן נאָמען מאַימאָנידעס, קאָמענטירט וועגן דעם „כשם שפר־צופים של אנשים אינם דומים זה לזה, כך דעות להם" — יעדער נאָז הייסט נאָז, כאָטש זיי האָבן פאַרשידענע געשטאַלטן. דאָס זעלביקע איז מיט געדאַנקען. זיי מעגן זיין פאַרשידנאַרטיק, אָבער געדאַנ־קען זיינען זיי. לויט מיין מיינונג, איז אַ פאַלשער געדאַנק די דענענע־ראַציע פון פּוילישן יידנטום אָבער . . . זאָל דאָס זיין אַזוי !

„אין אַבסטראַקטע אָנגעלעגנהייטן איז ניטאָ קיין איבער־צייגנדיקע אַרגומענטן. די קאָסמאָפּאָליטישע חברים האָבן אַרויסגע־וויזן גרויסע סאַדיסטישע מעשים קעגן יידן. זיי האָבן אָנטיילגענומען אין אַלע רויב און מאָרד־אַקציעס. די פאַקטן גיבן אונדז אַזאַ טרויִ־עריקן ניכטערן מאַטעריאַל, וועלכער וואַרפט אַזאַ שוואַרצן שאָטן אויף די הויך־קלעננענדיקע אידייען . . .

„יאָ, פריינט שטיינהאַרט, אין שאָטן פון אייער אומגעקומענע שוועסטער, מוטער און ברידער, מוזט איר אייך פאַרטראַכטן, צו פילט איר אויס זייער הייליקן מאַרטירער־טעסטאַמענט, ווען איר האַלט אייך דאָקטרינעריש אין דעם גלויבן פון ניט־יידישן אחדות. גלייבט מיר, אַז אייער אלימלך איז געווען אַ גאָלדענער יונגערמאַן. ער האָט געהאַט אַ פיינע פרוי מיט אַ קינד. איך האָב צוגעזען זיינע ליידן אין לאַגער. ביז דעם 25טן יולי 1946 זיינען מיר צוזאַמען געווען אין אָס־טראָוועצער לאַגער. ער האָט הויך ניט געקאַנט רעדן, און דאָך . . . כ'וויל מיך ניט גריבלען אין אייגענע און פרעמדע ליידן. מיר זיינען פאַרברענט געוואָרן. אונדז פאַגראָמירט מען צוליב פּאָליטישער היפּאָ־קריטסטווע. מיר זיינען אַ שפּיל צווישן די רייבונגען : ענגלאַנד־אַמעריקע־רוסלאַנד. און וואָס מער יידישע מיניסטאָרן, אַלץ גרעסער איז אונדזער אומגליק.

„זייט געגריסט. גליבט מיר, אז איך שריב וואס מיין הארץ ווייטיקט.

אייער,

אהרן פרידנטאל"

דער שרייבער פון את דעם בריוו איז נאך דער באפרייאונג פון אסטראָווצע באשטימט געוואָרן אלס דער פרעזעס פונעם אסטראָווצער קאָמיטעט. דעם ערשטן בריוו וואס איך האָב דערהאַלטן פון אים איז געווען דעם 10טן סעפטעמבער 1945. דאָס איז בכלל געווען דער ערשטער בריוו פון אונדזער היים־שטאָט אסטראָווצע. אין יענעם בריוו שרייבט ער מיר: „מיר דאַרפן רעטונג און ניט אויפבוי". ער האָט שוין דאַן געהאַט באַשלאָסן, אַז אין אסטראָווצע וועט קיין יידישער ישוב ניט זיין. אין דער זעלביקער צייט האָבן מיר ארויסגע־שיקט הילף. שרייבט מיר פריינט פרידנטאל אן ענטפער צו מיין בריוו: „קיין פעקלעך האָבן מיר ניט דערהאַלטן. איבעריקס — ברויכן מיר זיי נישט". אין מיין ענטפער אויף דעם האָב איך גע־שריבן, „אויב איר נויטיגט זיך ניט אין קיין הילף, האָבן מיר ניט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, און איר העלפט אויפלייזן די רעליפן". האָט מיר פרידענטאל געענטפערט אין א בריוו פון 25טן אפריל 1946: „אונדזער איינציקער פּלאַן און פּאַרלאַנג איז ווי אונדזער רוף: 'ראַטעוועט אונדז קיין ארץ ישראל'. שיקט אהין אייערע פאָנדן קיין ארץ ישראל. די אלע פעקלעך און קליידונג וואס איר שיקט אויפן אַדרעס פון צ"ק (ר. זאַמערשטיינס קאָמיטעט), קאָן צו אונדז ניט דערגיין. דאָרט ווערט עס צעטיילט לויטן פּאָליטישער־פּאַרטיי־שליסל".

איך האָב שוין דאַן געוואוסט, אַז דער ייד איז א רעוויזיאָניסט־שאָוויניסט, און אַז ער האָט פּלענער וועגן יציאת־אסטראָווצע. ער האָט ניט צוגעלאָזט קיין הילף צו די יידן פון אסטראָווצע. כאָטש אַנדערע מיטגלידער פונעם דאָרטיקן קאָמיטעט האָבן געשטורעמט נאָך הילף. ער האָט געהאַלטן 500 יידן אין אסטראָווצע אויף אביסל זופּ און זיי געהאַלטן אין א דעמאָראַליזירטן צושטאַנד.

אין יענער צייט האָבן מיר מיט דר. טענענבאום געשיקט ‎$2,000 קיין אסטראָווצע. דאָס געלט איז אָנגעקומען אהין א קורצע צייט פאַרן קעלצער פּאָגראָם. האָט את דער ייד אויסגענוצט די געלעגנהייט, זיך גענומען זיין חלק פון דעם געלט און איז אוועק קיין ווארשע, איבערלאָזנדיק די יידן אין אסטראָווצע אויף הפקר . . .

עס איז אויך אינטערעסאַנט צו וויסן ווי אַזוי מען האָט ארויס־גענומען די יידן פון אסטראָווצע. וועגן דעם שרייבט מיר א מיטגליד פונעם אסטראָווצער קאָמיטעט, מאָטל צוקערפּיין, אַז מען האָט זיך געשעטעלט אין טעלעפאָנישע פאַרבינדונג מיט דעם „רזשווינט" אין

לאָדזש, און זיי האָבן ארויסגעשיקט לאַסט־אויטאָמאָבילן מיט באַוואפנטע יידישע יונגעלייט, און מען האָט ארויסגעפירט די יידן פון אָסטראָווצע. ער לאָזט אויך וויסן, אז זיי האָבן דערהאַלטן 205 פעקלעך מיט שפייז און אויך 2 באַלן מיט קליידער.

נאָך די פּאַסירונגען אין קעלץ, האָבן די אַמעריקאַנער יידישע צייטונגען געשריבן, אז אין אָסטראָווצע, קעלצער ראַיאָן, האָט זיך פארשפּרייט אַ קלאַנג, אז די אַנטיסעמיטן גרייטן זיך צו אַ פּאָגראָם, האָבן די פּוילישע ראַדיקאַלע ארבעטער דאָן אַוועקגעלייגט זייער ארבעט און אַוועק זוכן די פּאָגראָמשטשיקעס. עס האָט זיך גלייך ארויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען בלויז אַ פאַלשער קלאַנג.

אָבער אַ דאַנק אָט אַזעלכע קלאַנגען, האָט זיך אהרן פרידנטאַל איינגעגעבן ארויסצופירן די יידן פון אָסטראָווצע. ארויסצופירן, אָבער ניט אַלע יידן, היינט צו טאָג געפינען זיך יידן אין אָסטראָווצע. זיי באַקומען כמעט גאָר קיין הילף ניט! און אויב מען וועט זיי ניט העלפן גלייך, וועלן אויך זיי מוזן אַוועק פון דאָרטן.

איך האָב געבראַכט אָט די געשיכטע, כדי צו ווייזן מיט וועמען מיר האָבן דאָ צו טאָן; אז דאָס איז אַ מענטש, וואָס קיין זאַך איז ניט צו נידעריק פאַר אים אַבי צו דערגרייכן זיינע אינטערעסן. אין דעם פריער־געבראַכטן בריוו, שרייבט מיר דער זעלביקער אהרן פרידענטאַל, אז מיינע „קאָסמאָפּאָליטישע חברים האָבן ארויסגעוויזן סאַדיסטישע מעשים קעגן יידן". ער וויל מיר דערמיט אונטערוואַרפן אַ ממזר. ער האַלט, אז אַלע גוים זיינען מערדער. עס וועט אָבער זיין אינטערעסאַנט צו וויסן, אז ער אַליין, פרידענטאַל, הייסט עס, לעבט היינט צו טאָג בלויז דערפאַר וואָס דער פּאָלקס גוי, הער ליסקער, האָט ארויסגעוויזן מענטשלעכקייט און האָט אים געגעבן שוץ. וויפיל יידן לעבן היינט אַ דאַנק דעם גוי סראָבאָווסקי, דעם פישער, אָדער אַ דאַנק קאָוואַלסקין — דעם פאָרמאַן פון דער פאַבריק אין דער קאָליאָווער אָפּטיילונג? איר דאַרפט אַוודאי קענען דעם יעגער — אויך אַ גוי, און ווער קאָן אויסרעכענען די אַלע אָסטראָווצער גוים, וועלכע האָבן געטאָן גוטס צו יידן?

די פרוי פון אהרן פרידענטאַל איז פארברענט געוואָרן ניט דורך גוישע הענט, נאָר גראָד דורך צוויי יידישע מערדער — די זייפמאַנס! און ווער איז געפאָרן אין אַ פארזוך צו ראַטעווען זיין ווייב? טאַקע דער גוי ליסקער. צום באַדויערן איז ער געקומען צו שפּעט . . .

קלאָר, אז די טענות פון אַזעלכע ווי פרידענטאַל זענען פאַלשע.

און אָט זיינען עטלעכע אויסצוגן פון אַ בריוו וואָס איז אַהערגעשיקט געוואָרן פון קאָמיטעט פון אָסטראָווצער יידן אין שטשעטין: זיי שרייבן:

„. . . אונדזער קאָמיטעט איז לעגאַליזירט דורכן צענטראַל קאָמיטעט פון די פוילישע יידן אין ווארשע און פאָרטרעט אין זיין איבערוועגנדיקן טייל די אָסטראָווצער יידן, וועלכע זיינען צוריקגעקומען פון ראַטן־פאַרבאַנד און וואוינען אין שטשעטין און נידער־שלעזיע, טיילווייז אין לאָדזש און אין ווארשע . . . מיר האָפן, אַז אונדז וועט געלינגען צו פאַרבינדן מיט אייך אַ שנעלן שטענדיקן קאָנטאַקט, אויף וועלכען מיר לייגן די האָפנונג, אַז וועלכע עס זיינען באַרעכטיקט צו דערוואַרטן פון אייך די אָסטראָווצער יידן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט אַ דאַנק דער הומאַניטאַרער באַציאונג פון דעם זיג פון גרויסן און מעכטיקן ראַטן־פאַרבאַנד . . .

„. . . פון דער הילף, וועלכע איר האָט געשיקט אין דער סומע פון $2,000, האָבן מיר ליידער גאָרניט געגאָסן, ווייל דאָס געלט . . . איז דורך דעם הער פרידנטאַל און אַנדערע צעטיילט געוואָרן צווישן די פאַרבליבענע פון דער אָקופּאַציע, וועלכע געפינען זיך אין אַ צופרידנשטעלנדיקן מאַטעריעלן צושטאַנד, דאַנקען די לאַגע פון די צוריקגעקומענע פון ראַטן־פאַרבאַנד איז אַזעלכע וואָס פאָדערט דרינגנדע און גיכע הילף . . .

„. . . מיר באַמערקן, אַז דער גרעסטער טייל פון אונדז האָט זיך איינגעאָרדנט ביי ארבעט, אָבער אייער הילף קאָן מיטווירקן צו באַפעסטיקן זיך אויף אַ פּראָדוקטיוון פונדאַמענט . . .

„. . . מיר ווילן נאָך באַרירן איין מאָמענט . . . וועגן דעם מאָראַלישן ווערט פון די פאַרבליבענע יידן פון דער אָקופּאַציע־צייט. מיר מוזן פעסטשטעלן, אַז דאָס איז דער אָנגעווייטיקסטער פּונקט פון דער יידישער וועלט בכלל און פון אונדזער לעבן דאָ בפרט. מיר מוזן צו אונדזער גרויסע חרפּה פעסטשטעלן, אַז צווישן די לעבנס־פאַרבליבענע זיינען פאַראַן אַזעלכע, ווי צום ביישפּיל, די ברידער אברהם און לייביש זייפמאַן, וועלכע זיינען דורך דער צייט אַנטלאָפן קיין בראַזיל; די משפחה שטיינבוים, זינגער, קליינער, פּיטשיץ און אַנדערע, וועלכע האָבן מיט זייערע פאַרברעכנס און נידערטרעכטיקייטן ביים אויס־אָטן די יידישע באַפעלקערונג אין אָסטראָווצע איבערגעשטיגן אַפילו די געסטאַפּאָ . . . אויסער די אויבנדערמאָנטע אין בראַזיליע, געפינען זיך אַזעלכע אויך אין מינכען, פּאַלעסטינע, און דאָ אין פּוילן. מיר זיינען זיכער, איר וועט די פראַגע שענקען אייער פולע אויפמערקזאַמקייט. עס איז די אויפגאַבע פון די קאָמיטעטן, וואו זיי זאָלן זיך ניט געפינען, די אויסוואורפן מאָראַליש און פיזיש אויסצוראָטן . . .”

איך וועל איצט דאָ ברענגען אַ קורצן אויסצוג פון אַ בריוו, וואָס

איך האָב געקראָגן פון שלמה שטיינהארט — א טוער אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע. ער שרייבט:

„. . . עליע קראַנץ פון לאָס־אַנדזשעלעס האָט מיר דערציילט, אַז זיי, אין לאָס אַנדזשעלעס, האָבן דערהאַלטן אַ צאָל בריוו אין וועלכע עס איז געווען אַנגעפּאַסקודיעט אויף דיר און מיר: אַז מיר זיינען פּאַסקודנע קאָמוניסטן; האָבן בלויז אין זינען צו צוברעכן די קאָנפערענץ און איבערגעבן די פּאָר אָסטראָוועצער שארית־הפליטה, נעבעך, אין די הענט פון די פּוילישע פאַשיסטן־פּאָגראָמשטשיקעס — די שטיוול־פּוצער פון סטאַלינען . . .” און ווייטער זאָגט עליע קראַנץ: „אָבער ביי דער קאָנפערענץ האָב איך זיך ערשט איבערצייגט, אַז זיי האָבן ניט מער ווי געבילט, און ער איז אַוועקגעפאָרן פון טאָראָנטאָ מיטן גרעסטן רעספּעקט פאַר דיר און פאַר מיר . . .” *

## דער פּאָגראָם אין קעלץ

איך ווער באַטראַכט ביי די מענטשן וואָס קענען מיך, פאַר אַ מענטש מיט שטאַרקע נערוון. אָבער די לעצטע פּאַסירונגען אין פּאַלעסטינע און אין קעלץ, האָבן מיך טיף דערשיטערט און אין אָט דער שווערער שעה פון צער האָבן מיינע נערוון גענומען נאָכגעבן.

עס ווילט זיך אויסשרייען: עד מתי? ווי לאַנג קאָן אַ פאָלק אויסהאַלטן?! ווי לאַנג דאַרף אַ פאָלק ליידן? ווען וועט שוין נעמען אַ סוף צום בלוט־פאַרגיסונג פון אַן אומשולדיק פאָלק וואָס ליידט שוין טויזנטער יאָרן? מיט דעם ברוטאַלן אָנפאַל אויפן ישוב אין ארץ ישראל אויפן היטלער שטייגער, ווי: „אַ טויט די יידן און הייל היטלער” האָט ענגלאַנד איבערגענומען היטלערס ירושה און וויל פאַרענדיקן דאָס וואָס היטלער האָט איבערגעלאָזט. די שמוציקע אַרבעט איז איבערגענומען געוואָרן פון אַזעלכע היטלער־נאָכפאָלגער, ווי אַטלי און בעווין, וואָס האָבן זיך אָנגעטאָן אין סאָציאַליסטישן מאַנטעלע, וואָס פאַרשוואַרצט דאָס פּנים פון יעדן ערלעכן אַרבעטער אויף דער גאַנצער וועלט.

ווען אָט די ווערטער ווערן געשריבן, זיינען טויזנטער יידן, צוזאַמען מיט זייערע פירער אַרעסטירט. מאַשין־ביקסן אויף יעדן ראָג. אַ סך הייזער אויפגעריסן מיט האַנט־גראַנאַטן, אַ סך יידישע דערפער אָפּגעווישט און די מענטשן פאַרטריבן. דאָס איז אַ פּאָגראָם מיט וועלכן היטלער וואָלט זיך ניט געשעמט.

---

*געשריבן אינעם טאָג ווען די אַמעריקאַנער צייטונגען האָבן געבראַכט די טרויעריקע נייעס וועגן דעם קעלצער פּאָגראָם, דעם 5טן יולי, 1946.

שוין 16 חדשים ווי די מלחמה האָט זיך געענדיקט. שוין 16 חדשים ווי די קאַנאָנען האָבן אויפגעהערט שיסן און די עראָפּלאַנען האָבן אויפגעהערט צו טאָן זייער פאַרוויסטונג־אַרבעט. אַלע פעלקער פון דער וועלט האָבן שוין איבערגעציילט זייערע קרבנות. זיי בויען שוין און היילן שוין זייערע וואונדן. פאַר זיי איז שוין די מלחמה געענדיקט. פאַרן יידישן פאָלק אָבער איז די מלחמה נאָך ניט געענדיקט. מיר האָבן נאָך ניט איבערגעציילט אונדזערע קדושים און שוין האָבן מיר נייע . . .

יעדן טאָג האָבן מיר נייע פאַרלוסטן. פון די דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן יידן אין פוילן איז געבליבן בלויז 100,000. אַט דאָס קליינע הייפעלע יידן איז צו גרויס אין די אויגן פון די פוילישע אַנטיסעמיטן און רעאַקציאָנערן. די פינצטערע כוחות, וואָס זיינען אָרגאַניזירט אין באַנדעס, געשטיצט מיט געלט און וואָפן פון ענגלאַנד, פירן אַ קאַמף קעגן אַלץ וואָס איז פּראָגרעסיוו, אָבער דער ייד איז דער סאַמע ערשטער קרבן.

דער פּאָגראָם אויפן יידישן ישוב אין ארץ ישראל האָט אַ שייכות מיט דעם פּאָגראָם אין קעלץ. דער פּאָגראָם אין ארץ ישראל האָט געגעבן מוט און אינספּיראַציע די פוילישע פאַשיסטן צו טאָן זייער מאָרד־אַרבעט. נאָך אַלעמען: אויב סאָציאַליסטן מעגן מאַכן פּאָגראָמען אויף יידן, פאַרוואָס טאָרן זיי עס ניט טאָן? די יידן אין פּאַלעסטינע ווערן פּאָגראָמירט בלויז דערפאַר, ווייל זיי ווילן דורכפירן די רעקאָמענדאַציע פון דער אַמעריקאַנער און ענגלישער קאָמיסיע וועגן אַריינלאָזן 100,000 יידן אין ארץ ישראל. די יידן אין פּאַלעסטינע ווערן פּאָגראָמירט פון די אַטלים און די בעווינס בלויז דערפאַר, ווייל זיי שטרעקן אויס זייערע אָרעמס צו דעם שארית הפליטה, וואָס געפינט זיך אין די דייטשישע לאַגערן אונטער די שווידערלעכסטע באַדינגונגען, וואו זייערע שומרים זיינען פוילישע פאַשיסטן און דייטשישע נאַציס. די יידישע פאַרלוסטן אין איצטיקן קאַמף קעגן דער פינצטערניש איז געווען גרעסער ווי אַלע פעלקער צוזאַמענגענומען — אַ חוץ דעם סאָוועטן פאַרבאַנד.

מיר האָבן געדענקט, אַז מיט דעם בלוט פון אונדזערע 6 מיליאָן קדושים וועלן מיר שוין אָראָפּוואַשן דעם האַס צו דעם יידישן פאָלק. מיר ווייסן, אַז יעדער גאַנג צו פּראָגרעס קאָסט קרבנות. האָבן מיר געמיינט, אַז מיט דעם בלוט פון אונדזערע קדושים וועלן מיר שאַפן אַ שענערע און בעסערע וועלט, אין וועלכער אַלע פעלקער וועלן קאָנען לעבן אָן מורא און אָן שרעק, און זיין געזיכערט מיט דעם מאָרגן. ווי עס זעט אָבער אויס, זיינען 6 מיליאָן קרבנות ניט גענוג, און יידיש בלוט גיסט זיך ווייטער! עס ווילט זיך אויסשרייען: ווי לאַנג

וועלן נאָך אָנהאַלטן די ליידן פון אַ פאָלק וואָס איז אַלעמאָל דאָס כפרה־הינדל אין קאַמף צווישן פעלקער? ווייסט דען ניט די וועלט דעם יידישן בייטראַג צום וועלט־פּראָגרעס? . . . ווייסט ניט די גוישע וועלט דעם יידישן בייטראַג צו דער וועלט געשיכטע? נאָכדעם ווי מיר האָבן פאַרגאָסן אַזויפיל בלוט אונדזערס, זיינען מיר היינט צו טאָג פונקט אַזוי ניט זיכער ווי מיר זיינען עס געווען פאַרן קריג.

וואו איז דער פּאַפּ? וואו זיינען די קאַרדינאַלן? וואו זיינען די בישאָפס? וואו זיינען די אַלע גלחים — די גאָטס „פאַרטרעטער" אויף דער ערד; די וואָס „דאַרפן פּרעדיקן מענטשן־ליבע אין נאָמען פון זייער רעליגיע. ווייסן זיי דען ניט אַז דאָס יידישע בלוט ווערט פאַרגאָסן, פון קריסטן, פון קאַטאָליקן? מיט זייער שווייגן שטעלן זיי זיך אַרויס אין זייער העסלעכער נאַקעטקייט און באַווייזן, אַז זיי זיינען פּאַרטיידיקער פונעם זואָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם.

דאָס יידישע בלוט וועט אָבער פאַלן אויף זייערע קעפּ, זיי וועלן קיינמאָל ניט קענען ריינוואַשן זייערע שמוציקע געוויסנס! זיי האָבן נאָך אַלץ ניט אויפגעגעבן זייערע אַמאָליקע אַמביציע צו פאַר־טיליקן דעם יידן! זייער אַ סך שרעקלעכע, שוידערלעכע יידישע טראַגעדיעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אונטער דער קאַטוילישער הער־שאַפט.

דורך דער אויסראָטונג פון יידישן פאָלק האָבן די קריסטן גע־וואָלט אומברייננגען דעם יידישן גייסט, זייער לערע, זייערע מנהגים. זיי האָבן געוואָלט ענדערן דעם יידישן, גייסטיקן אויסזען און אונדז מאַכן הילפלאָז.

מיט דער אויסראָטונג פון יידישן פאָלק האָבן זיי געוואָלט אָפּווישן אַלץ וואָס איז יידיש, כבוד, וויזיע, גלויבן, גערעכטיקייט, חכמה, און ברייטהאַרציקייט. דאָס קריסטנטום האָט יאָר־הונדערטער לאַנג גע־מאָרדעט, געפּייניקט, פאַרשקלאַפט די יידן. דערפאַר האָבן די יידן אַלעמאָל זיך אָנגעשלאָסן אין די אַרמייען וואָס האָבן געקעמפט קעגן דעם ווילדן פאַנאַטיזים פון די קריסטן, ווי די געצוואונגענע טויפונגען. די יידן האָבן אַלע מאָל געזען אינעם צלם, אין די קלויסטערס — בלוט און אויסראָטונג פון זייער פאָלק.

שוין איבער 1800 יאָר ווי דאָס יידישע פאָלק האָט פאַרלוירן זיין אומאָפּהענגיקע עקזיסטענץ, אָבער איז ניט פאַרשלונגען געוואָרן פון זייערע באַזיגער און אונטערדריקער, ווי דאָס האָט פּאַסירט מיט פיל אַנדערע פעלקער אין דער וועלט געשיכטע. דאָס יידישע פאָלק עקזיסטירט ניט־געקוקט אויף אַלע מורא'דיקע און שרעקלעכע איבער־לעבונגען און טראַגישע געשעענישן. און מיר טראַכטן אפילו ניט

וועגן אויפגעבן דעם קאַמף פאַר אונדזער קיום. מיר וועלן איבערלעבן אַלע אונדזערע שונאים.

אין אונדזער געשיכטע ווערט דערציילט, אַז אינעם יאָר 655 איז מאַכמעד'ס איידעם, אַלי, מיט דער שטיצע פון אַן אַרמיי פון 90,000 יידן, געוואָרן דער הערשער. דאַן האָט דאָס יידישע גייסטיקע און קולטורעלע לעבן זיך ברייט צעבליט און עס זיינען געווען אייניקע דורות פון רואיקייט און זיכערקייט. דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען דעם יידישן גייסט צו אַזאַ הויכער שטופע, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דעם גאַנצן גאַנג פון דער וועלט.

איצט, ווען מיר האָבן געגעבן 6 מיליאָן קרבנות און פאַרגאָסן טייכן בלוט, זיינען מיר באַרעכטיקט צו רואיקייט און זיכערקייט, כדי ווייטער צו קאָנען אַנטוויקלען אונדזער שעפערישן גייסט וואָס וועט זיין אַ ברכה פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

## אונדזערע פאַרלוסטען

מען באַשולדיקט מיך אין ניט פאַרשטיין דעם חורבן פוילן אָדער חורבן־אייראָפּע. וועל איך דעריבער פּרובירן דאָ געבן אַ קורץ בילד פון די פאַרלוסטן פונעם יידישן פאָלק און זיינע קולטור־אינסטיטוציעס וואָס האָבן עקזיסטירט.

אין יאָר 1935 האָבן אין פוילן עקזיסטירט 1,500 אַלערליי קינדער־שולן, וואו עס האָבן געלערנט איבער 200 טויזנט תלמידים.

אין ליטע : 108 יידישע עלעמענטאַרע קינדער־שולן, מיטל־שולן, (גימנאַזיעס) און פאַך־שולן, אין וועלכע עס האָבן געלערנט 14 טויזנט תלמידים.

פאַר דער מלחמה זיינען אין אייראָפּע דערשינען : 43 טעגלעכע יידישע צייטונגען (38 פון זיי אַף דער יידישער שפּראַך), 171 וועכנט־לעכע יידישע צייטונגען (130 פון זיי אין יידיש), 164 צוויי־וועכנט־לעכע זשורנאַלן ; הונדערטער אַלערליי מאָנאַטלעכע זשורנאַלן, פערטל־יערלעכע און אַנדערע פון פאַרשידענע טיפּן. דערצו זייען געווען פאַרלאַגן, טעאַטערס, כאָרן, דראַמאַטישע פאַראיינען, ביבליאָטעקן, וויסנשאַפטלעכע אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס, יתומים־הייזער, ליי־געזעלשאַפטן, שפּיטאָלן, קאָאָפּעראַטיוון, שפּאַר־קאַסעס, צדקה און קעגנזייטיקע הילף־אָרגאַניזאַציעס. אין יעדן לאַנד אין אייראָפּע, וואו נאָר יידן האָבן געוואוינט, האָבן זיי געהאַט אייגענע קהילות. אין פוילן אַליין האָבן עקזיסטירט 900 יידישע קהילות.

די צאָל אומגעקומענע יידן אין באזונדערע לענדער פון אייראָפּע:

| לאַנד | אין יאָר 1939 | אין יאָר 1946 | אומגעקומען |
|---|---|---|---|
| פּוילן | 3,351,000 | 200,000 | 2,800,000 |
| ראַטן־פאַרבאַנד | 3,550,000 | 2,500,000 | 530,000 |
| רומעניע | 850,000 | 320,000 | 530,000 |
| אונגאַרן | 400,000 | 200,000 | 200,000 |
| טשעכאָסלאָוואַקיע | 315,000 | 60,000 | 256,000 |
| פראַנקרייך | 320,000 | 160,000 | 160,000 |
| דייטשלאַנד | 215,000 | 20,000 | 195,000 |
| עסטרייך | 60,000 | 7,000 | 53,000 |
| האָלאַנד | 150,000 | 24,000 | 126,000 |
| בעלגיע | 90,000 | 25,000 | 65,000 |
| יוגאָסלאַוויע | 75,000 | 11,000 | 64,000 |
| גריכנלאַנד | 75,000 | 10,000 | 65,000 |
| איטאַליע | 50,000 | 30,000 | 20,000 |
| בולגאַריע | 50,000 | 45,000 | 5,000 |
| אַלבאַניע | 200 | 50 | 150 |
| דענמאַרק | 7,000 | 5,500 | 1,500 |
| פינלאַנד | 2,000 | 1,800 | 200 |
| לוקסעמבורג | 3,500 | 500 | 3,000 |
| נאָרוועגיע | 2,000 | 7,500 | 1,250 |
| ענגלאַנד | 340,000 | 350,000 | |
| פּאָרטוגאַל | 3,500 | 4,000 | |
| שפּאַניע | 4,500 | 4,500 | |
| שוועדן | 7,000 | 19,500 | |
| שווייץ | 25,000 | 28,500 | |

ווען מען לייענט אָט די אויבן־אָנגעגעבענע טאַבעלע פון אונדזער טראַגעדיע, נעמט בויערן אַ געדאַנק אין מוח: וואו איז דער היינטיקער, מאָדערנער ירמיהו, וואו איז דער, וואָס זאָל קענען אָנשלאָגן דעם איכה־טאָן פאַר דעם גרעסטן יידישן חורבן פון אַלע דורות? וואו איז דער קינסטלער, דער מייסטער פון וואָרט, וואָס זאָל קענען איבערגעבן דעם צער און ווייטיק פון אונדזער טראַגעדיע? די איכה־קלאַנגען, וועלכע דערגרייכן אונדז פון צייט צו צייט, זיינען אַזעלכע שוואַכע, וואָס גיבן נאָר אַ קליינעם באַגריף וועגן דער מורא׳דיקער קאַטאַסטראָפע פון אונדזער פאָלק. די היסטאָריקער, וואָס וועלן זיך אַמאָל גריבלען אין די יידישע ליידן פון די לעצטע יאָרן, וועלן דאַרפן זיין

שטארקער פון שטאָל, אַז זייערע הערצער זאָלן ניט דערטרונקען ווערן אין דעם ים פון בלוט פון די 6 מיליאָן קדושים. דאָס וועט זיין די געשיכטע פון יידישן מארטירערטום, די געשיכטע, ווי די יידישע וועלט איז אָפּגעגאנגען אין בלוט דורך די דייטשישע רוצחים, די וועלט־מערדער . . .

## ווער זיינען אונדזערע פריינט?

דאָס געבראכטע איז אויך אַן ענטפער צו די אַלע בריוו־שרייבער וואָס ווארפן מיר פאָר, אַז איך באַגרייף ניט, ווייס ניט דעם חורבן־פוילן, דעם חורבן־אייראָפּע. איך קאָן בלויז צוגעבן, אַז זייער שרייבן האָט מיך ניט אָפּגעשוואכט אין מיינע מיינונגען, נאָר פארקערט: נאָך פארשטארקט מיין כאראקטער צו קעמפן קעגן אַלע זייערע פינצטערע פּלענער פאר יציאת־אייראָפּע. איך וועל ניט איינגיין אויף קיין קאָמפּראָמיסן, ווען עס האנדלט זיך וועגן אזא וויכטיקער פראגע וואָס איז פארבונדן מיטן גורל און דעם גאנצן קיום פון מיין פאָלק. זאָלן זיי בעסער באטראכטן די פראגן אין דעם ליכט פון פאקטן און היסטאָרישע פאסירונגען, און ניט זוכן ביי מיר מאָטיוון אין מיין ארט דענקען. איך וויל אָבער דאָ פארזיכערן מיינע אַלע פראגן־שטעלער, אַז איך געהער ניט צו קיין פּאָליטישער פארטיי. איך בין אָבער יאָ אַן איבערגעגעבענער פריינט פונעם סאָוועטן־פארבאנד, און טאקע ווייל איך בין אַ ייד. ביי מיר איז די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אַ גרויסער יום־טוב. זי האָט געגעבן דעם יידן בירגערלעכע פרייהייט און גלייכהייט. דער ייד איז געוואָרן אַ גלייכבארעכטיקטער מיטגליד אין דער משפחה פון די סאָוועטישע פעלקער.

האָט איר, אָנפרעגער מיינע, אמאָל אַ טראכט געטאָן ווי דאָס לעבן פונעם יידן איז געווען אומדערטרעגלעך אונטער דעם צאריזם? געדענקט איר ווי דער יידן־האַס איז געווען אזוי טיף איינגעוואָרצלט אין דער געוועזענער רוסישער מדינה און די שוידערלעכע פארפאָלגונגען קעגן דעם יידישן קיבוץ אין אַלטן רוסלאנד?

די אָקטאָבער רעוואָלוציע האָט אויף אייביק אָפּגעשאפט אָט די טרויעריק־באַרימטע פּאָגראָמען, וואָס האָבן פארניכטעט אזויפיל יידישע געמיינדעס אין דעם אַלטן צארישן רוסלאנד.

יאָ, עס איז נאָך פריש ביי אַלעמען אין זכרון, אַז אין דער צייט ווען די סאָוועטישע פעלקער זיינען געשטאנען אין בלוטיקן קאמף קעגן די יידישע מערדער, האָבן זיי, די סאָוועטישע פעלקער, אויסגעשטרעקט זייערע ברידערלעכע הענט דעם אייראָפּעאישן יידן און

געראַטעוועט אַזויפיל פון אונדזערע ברידער יידן פון די נעגל פון די דייטשישע מערדער.

טוט אויך אַ טראַכט! וואו איז נאָך פאַראַן אַ לאַנד אויף דער וועלט, וואו דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ פאַרברעכן קעגן דעם שטאַט? לויט דער קאָנסטיטוציע פון סאָוועטן־פאַרבאַנד איז ראַסן־האַס און פאָר־אורטייל קעגן יעדער מינאָריטעט — אַ פאַרברעכן קעגן דעם שטאַט, און ווערט שטרענג באַשטראָפט לויטן געזעץ. די גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן אינעם סאָוועטן־פאַרבאַנד איז איינע פון די שענסטע דערגרייכונגען פון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, וואָס האָט אַרונטער־גענומען אויף תמיד דעם שמוציקן פלעק פון דעם געוויסן פונעם רוסישן פאָלק.

איצט לאָמיר אַ קוק טאָן וואָס עס טוט זיך אין דעם דעמאָ־קראַטישן אַמעריקע.

די דעקלעראַציע פון אומאָפּהענגיקייט דערקלערט, אַז אַלע מענ־טשן זיינען באַשאַפן געוואָרן גלייך פון דער נאַטור. אָבער די שיינע ווערטער האָבן גאָר קיין ווערט ניט אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. קיינמאָל אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע איז נאָך דער אַנטיסעמיטיזם אַזוי שטאַרק ניט געווען ווי היינט צו טאָג. אין דעם וואַשינגטאָנער געריכט, אונטער דער אַמעריקאַנער פאָן, ווערט דאָס יידישע פאָלק שרעקלעך באַליידיקט. און ניט בלויז פון נאַציס, נאָר אויך פון אַ יידישן משומד (דער יידישער פאַרטיידיקער פון די 29 אַמעריקאַנער נאַציס). אין דעם אַמעריקאַנער קאָנגרעס ווערן יידן אַטאַקירט פון די דייעזעס, רענקינס, האָפמאַנס און בילבאָס . . . מיר ווילן איינפירן „דעמאָקראַטיע" איבער דער גאַנצער וועלט, אָבער דאָ, אין דעם גאָלדענעם לאַנד, איז אַנטיסעמיטיזם ברייט פאַרשפּרייט. דאָס לאַנד, וואָס פּרעדיקט „דעמאָקראַטיע", קאָן זיך אַליין ניט באַ־פרייען פון אָט דער מיאוסקייט. דאָ קאָנט איר זען אויפשריפטן אויף געוויסע פּלעצער: „פאָר דזשענטאַילס אָנלי" — אַ פּלאַץ בלויז פאַר קריסטן. דאָ ווערט דער ייד דיסקרימינירט אויף יעדן טריט און שריט. עס זיינען פאַראַן האָטעלן, איבערן לאַנד, וואו יידן ווערן ניט אַריינ־געלאָזט. עס זיינען פאַראַן פּלעצער, וואו יידן קאָנען ניט קויפן קיין הויז אָדער ערד, אָדער אַזוי טאָן געשעפטן. אין אַ סך פון די וויכטיקסטע אוניווערזיטעטן און קאַלעדזשעס איבערן לאַנד איז איינ־געפירט אַ באַהאַלטענע פּראָצענט נאָרמע פאַר יידישע סטודענטן — גאָר ווי אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד און אין דעם פאַנסקען פּוילן. און דאָס, בעת אין אונדזער קאָנסטיטוציע איז פאַרשריבן שוואַרץ אויף ווייס, אַז יעדער מענטש — אָן אונטערשיד פון קאָליר, ראַסע, שפּראַך, איז גלייך. ווער ווייס עס ניט אַז אין די זידלעכע שטאַטן

(די סאוט) ווערן נעגערן געהאנגען אָן אַ משפּט פון די ווייסע. דעם נעגער איז פאַרבאָטן צו שפּאַצירן אויפן טראָטואַר, ער מוז גיין אין מיטן גאַס; אויף די באַנען און אמניבאָסעס מוזן די נעגערן זיצן אויף די סאַמע הינטערשטע בענקלעך, מעגן אַפילו זיין לײַדיקע פּלעצער אין פּאָרנט, טאָר ער ניט וואגן זיך צו זעצן מחוץ דער נעגערשער געטאָ־צוים. שוין ווערן אין אַמעריקע מאַסן יידישע קברים געשענדט און בתי־מדרשים ווערן פאַראומרייניקט דורך פאַרשמירן די ווענט מיטן פאַשיסטישן האַקן־קרייץ. יידן ווערן אָפּט שענדלעך באַליידיקט אין גאַס און בכלל אין אָפענע פּלעצער . . .

יאָ, איך האָב דעם געפיל, אַז אויב עס וועט — די שעה זאָל ניט זיין — אַמאָל ווידער אויפשטיין אַ היטלער, וועט ער קומען אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. די אַמעריקאַנער רעאַקציע גרייט שוין צו דעם באָדן דערפאַר. די סימפּטאָמען זיינען די זעלביקע ווי עס איז געווען אין אייראָפּע. מען הייבט אָן מיט יידן און קאָמוניסטן, און מען ענדיקט מיט גאַז־קאַמערן, געטאָס און בראַנד־אויוונס. דאָ אין לאַנד האַלט מען שוין ביים צוגרייטן זיך צו אַ נייער מלחמה.

דער קאַפּיטאַליזם איז זייער קראַנק, מסוכן קראַנק! די קאַפּי־טאַליסטישע דעמאָקראַטיע גוססט. די רעאַקציאָנערן ווילן ניט, אָדער מאַכן זיך ניט פאַרשטיין, אַז מלחמות וועלן אומוואַרפן דעם עקאָנאָ־מישן באָדן פון אונטער די פיס פון דער גאַנצער מענטשהייט; מלחמות מיינט דער אונטערגאַנג פון פעלקער און אפשר פון דער וועלט! איבער דער טיפער שנאה צום סאָוועטן־פאַרבאַנד, שטיצן אַמעריקע און ענגלאַנד די אַלע פינצטערע כוחות, וועלכע גרייטן צו אַ נייע וועלט־שרפה.

עס איז איבעריק ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל אָנצואווייזן, אַז פאַר אונדז יידן איז מלחמה אַ טויט־געפאַר און אַז דער קאַפּיטאַליזם, וואָס גרייט צו די מלחמות — אונדזער ביטערסטער שונא. שוין באַלד צוויי יאָר זינט די מלחמה האָט זיך געענדיקט און מיר זעען ווי די מאַכט אין דייטשלאַנד (אין די אַמעריקאַנער און ענגלישע זאָנעס) ליגט אין די הענט פון די ערגסטע נאַציס. די דייטשישע מערדער שטייען בראש פון אַלע וויכטיקע אַמטן אין אָט די זאָנעס. איבער דער מורא פאַרן קאָמוניזם שטיצט דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם פראַנקאָן אין שפּאַניע, פּעראָנען אין אַרגענטינע און טשאַנג־קאַי שעקן אין כינע. איצט פונקט אַזוי אין גריכנלאַנד, וואו אַמעריקע שטיצט די סאַמע פינצטערסטע רעאַקציאָנערן און מיטאַרבעטער מיט די נאַציס. דאָרט ווערט צוגעגרייט דאָס שפּרינג־ברעט פאַר די קומענדיקע נאַצי־שטור־מיסטן, וואָס וועלן ווידער נעמען פאַרשפּרייטן דעם פאַשיזם איבער דער וועלט, ווייטער פירן ווילדע אויסראָטונג־אַרגיעס איבער שוואַכע

פעלקער און פארסמען די מענטשהייט מיט דעם סם פון יידן האס.

אין דער סאָוועטישער זאָנע אין דייטשלאַנד איז פונקט פאַר־קערט. דאָרט ווערט דער פאַשיזם אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל. ער ווערט געמאַכט אומשעדלעך, כדי עס זאָל זיך מער ניט קענען איבער־כאַזערן אַזאַ שוידערלעכע מלחמה ווי מיר האָבן נאָר־וואָס איבער־געלעבט.

## פאַלשע נביאים

די וועלכע אַרבעטן פאַר יציאת אייראָפּע וואָלטן געדאַרפט שטודירן יידישע געשיכטע. זיי וואָלטן אפשר פאַרשטאַנען, אַז אין אייראָפּע וועט מוזן עקזיסטירן אַ יידישער ישוב. זיי וועלן אויסגעפינען, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט אַלעמאָל געוואַנדערט אין לענדער וואו עס האָט זיך נאָר באַוויזן אַביסל פרייהייט.

עס איז קלאָר, אַז דאָס ערשטע ביסל פרייהייט־ליכט נאָך דער איצטיקער מלחמה, שיינט אויף די מזרח־אייראָפּייאישע לענדער, דאָרט וואו עס הערשן פאָלקס־מלוכהס. און דאָרט וואו עס הערשן פאָלקס־מלוכהס — איז אַ גאַראַנטיע, אַז אַלע פעלקער וועלן לעבן פריי, אָן מורא, זיין געזיכערט מיטן מאָרגן און געניסן די פרוכט פון די פיר פרייהייטן, נאָך וועלכע די מאַסן לעכצן און מיט וועלכע די קאַפּיטאַ־ליסטישע לענדער גרויסן זיך אומזיסט. עס קאָן זיין, אַז אָט די נייע, פרייע לענדער וועלן ווערן די באַזעם פאַר אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער, אין פאַל דער אַמעריקאַנער אַנטיסעמיטיזם וועט זיך פאַרנעמען צו פאַרביטערן זיי דאָס לעבן, און זיי וועלן האָבן וואוהין צו עמיגרירן אויף צום ראַטעווען זיך.

ניין, די שארית הפליטה, די לעבן־געבליבענע יידן, טאָרן ניט אַנטלויפן פון אייראָפּע! אייראָפּע טאָר ניט בלייבן יידן־ריין!

די שארית הפליטה, וואָס האָט איבערגעלעבט די אַלע צרות אין די לעצטע יאָרן, האָט זיך ניט געטאָרט לאָזן פאַרפירן פון די פאַלשע נביאים און לויפן צוריק אין די לאַגערן קיין דייטשלאַנד, ווייסנדיק, אַז דאָס קאָן פירן צום מאָראַלישן און דעם פיזישן אונטערגאַנג פונעם געראַטעוועטן יידן.

איך קען גוט פאַרשטיין די געפילן פון די בריוו־שרייבער פאַר יציאת־אייראָפּע. איך פרעג אָבער, פאַרוואָס? פאַרוואָס זאָלן מיר אויפגעבן און פאַרלירן אַזעלכע אַלטע וויכטיקע פּאָזיציעס אונדזערע? פאַרוואָס זאָלן מיר איבערלאָזן דורות טראַדיציעס? פאַרוואָס זאָלן פרעמדע הענט איבערייסן דעם לעצטן פאָדים, וואָס מען קאָן נאָך ווידער צונויפוועבן און ווייטער שפּינען אונדזער איינגאַרטיקן לעבן?

פארשטייט זיך, איך מיין ניט, אז מיר קאָנען אין אָט די לענדער לעבן מיטן גייסט בלויז. א פאָלק לעבט ניט בלויז מיטן גייסט. א פאָלק לעבט אויך מיט ברויט און מלאכהס. די עקאָנאָמישע פאַקטאָרן שפילן ניט קיין קלענערע ראָל אינעם לעבן פון א פאָלק ווי דער גייסט, ווי אידעאלן און גרויסע גייסטיקע פירער. דער גרויסער היסטאָריקער גרעץ האָט כמעט דורכגעלאָזן אָט דעם גרויסן פאַקטאָר אין זיין מאָנומענטאלער געשיכטע פון יידן. זיין געשיכטע איז א געשיכטע פון גייסט, פון גאונים און פון ביכער. איז דעריבער גרעצס גרויסע געשיכטע בלויז א האלבע געשיכטע פון יידן.

מיט קנאַפּע 1900 יאָר צוריק, ווען די רוימער האָבן צעטרייסלט די ווענט פון ירושלים און פארברענט דעם בית המקדש, — אין יענעם פעריאָד האָבן מיר פראַפּאָרציאָנעל פארלוירן אזויפיל קרבנות ווי אין דעם איצטיקן, דעם דריטן חורבן. אין יענער צייט זיינען יידישע קעמפער, אונדזערע העלדן, געשטאָרבן פון זייערע אייגענע שווערדן, דורך די אייגענע הענט, אבי ניט אריינצופאַלן אין די מערדערשע הענט פון די רוימישע זיגער. אויך דאַן האָבן זיך געפונען יידן (ווי די היינטיקע יציאת אייראָפּעניקעס), וואָס האָבן רעזיגנירט פון פארצווייפלונג און האָבן שוין דאַן צוגעטראַכט א פּלאַן פו באַגיין זעלבסטמאָרד אַלס א פאָלק. זייער פּלאַן איז געווען, אז יידן זאָלן אויפהערן קינדער האָבן, זיך אויסמישן מיט אנדערע פעלקער.

אין יענער צייט האָט געלעבט און געווירקט דער תנא יוחנן בן זכאי, די באַליבסטע געשטאַלט אין דער יידישער געשיכטע. יוחנן בן זכאי האָט דערקלערט קריג די פאַלשע נביאים און איז ארויסגעקומען מיט זיין אייגענעם פּלאַן: זיך צו באַזעצן אין שונאס לאַנד גופא, און דאָרט, אויפן פרעמדן באָדן (יבנה) ווייטער פאָרזעצן די עקזיסטענץ פונעם יידישן פאָלק. יוחנן בן זכאי האָט מיט זיין פּלאַן געראַטעוועט זיין פאָלק און אויסגעדריקט דעם וואונטש פון דעם גרעסטן טייל יידן, וועלכע האָבן געוואָלט בלייבן לעבן אַלס א פאָלק.

די היינטיקע יידישע „פאַרזאָרגער", די וואָס זיינען פאַר יציאת-אייראָפּע, רעדן בלויז אין דעם נאָמען פון זייערע פּאָליטישע פאַרטייען און ניט אינעם נאָמען פון דעם יידישן פאָלק.

די דעמאָלדיקע קעמפער קעגן יוחנן בן זכאי האָבן אים באַטראַכט פאַר א רעוואָלוציאָנער. עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו וויסן, צי מען וואָלט אים ניט פארשריגן פאַר א קאָמוניסט . . .

די יידישע געשיכטע איז אויף שריט און טריט איין גרויסע מאַרטירערשאַפט און גרויסער קידוש השם. די יידישע געשיכטע איז דער גרעסטער באַשולדיקונגס-אַקט קעגן דער מענטשהייט.

אונדזער מאַרטירער געשיכטע הייבט זיך אָן אין מצרים. דאָרט

זיינען מיר געווען שקלאַפּן און דאָרט האָבן זיך אָנגעהויבן אונדזערע צרות. פון דאָרט ציען זיך אונדזערע וויען און קרעכצן. די יידישע וויען און קרעכצן האָבן אַזוי געוואַנדערט פון איין טראַגעדיע צו אַ צווייטער, ביז מיידאַנעק, אָשוויענטשים א.א.וו.

יעדע ספּעציפיש יידישע דערשיינונג הייבט זיך אָן פון דאָרטן, אפילו אסימילאַציע שטאַמט אויך פון דאָרט. אַנטיסעמיטיזם איז אויך אַ פּראָדוקט פון יענעם פּעריאָד און אפילו דער פּלאַן צו פאַר־ניכטן דאָס יידישע פאָלק — שטאַמט אויך פון דאָרטן. דער טייך נילוס איז אונדזער עדות. דאָס איז געווען דער פּלאַן צו לעזן דעם יידישן פּראָבלעם אין יענער צייט.

דעם „יידישן" פּראָבלעם האָבן אונדזערע שונאים אויסגעטראַכט אויף אונדז. דאָס איז אַ גויישער פּראָבלעם און ניט קיין יידישער. דאָס איז געווען זייער פּלאַן, פּונקט ווי עס זיינען געווען היטלערס פּלענער אונדז צו פאַרניכטן און פאַרשקלאַפן און אונדז אָפּירשענען מאַטעריעל און קולטורעל. איך בין מיט דער מיינונג, אַז פעלקער פון דער וועלט האַסן אונדז בלויז דערפאַר, וואָס מיר זיינען אַלעמאָל געווען אַ פאָלק פון שאַפונג און אויפשטייג, צוליב עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען האָט די רעאַקציע שטענדיק געמיט זיך צו שאַפן אָט דעם ריס צווישן די יידן און זייערע שכנים.

ווער ווייסט וואָס פאַר אַ פּנים די וועלט וואָלט געהאַט אָן דעם יידישן פאָלק?

לײדער ווייסט ניט דער גרעסטער טייל פון אונדזער פאָלק אונ־דזער אייגענע פאַרגאַנגענהייט.

גענוג צו דערמאָנען אַז מיר האָבן געגעבן דער וועלט דעם תנ"ך, און דערמיט געלייגט דעם פונדאַמענט פון דער מענטשלעכער ציווי־ליזאַציע. מיר האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר וויטערדיקע דער־גרייכונגען פאַר די צוקונפטיקע דורות.

אויב אַזאַ פאָלק, מיט אַזוינע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער מענטשהייט, איז אַ פּראָבלעמאַטיש פאָלק, בין איך שטאָלץ וואָס איך בין אַ ייד! . . .

## יידיש-אַראַבישע איינקייט

איך בין ניט קיין קעגנער פון ארץ ישראל, נאָר איך בין אַ קעגנער פון דעם פּאָליטישן ציוניזם. איך בין פאַר יידיש־אַראַבישער פאַרשטענדעניש. איך שטיץ די אָרגאַניזאַציע „איחוד", וואָס האָט זיך געגרינדעט פאַר דעם צוועק אין פּאַלעסטינע, צו דערגרייכן אַזאַ פאַרשטענדעניש צווישןביידע פעלקער.

די ציוניסטן זיינען אלעמאל באגאנגען פעלערן און האבן קיינ־מאל ניט צוגעלאזט צו אזא פארשטענדעניש. איך גלויב, אז יעדער איינער וואס ארבעט לטובות דעם שלום צווישןביידע פעלקער, איז דער אמת'ער ייד. אויב די ציוניסטן האבן געדענקט אז די אראבער וועלן זיך אנכאפן אין דעם לאזונג פון א יידישער מדינה, האבן זיי געהאט א גרויסן טעות. מיר מוזן אט דעם לאזונג באטראכטן פאר א געפערלעכער שפיל, וואס שפילט אריין אין די הענט פון די יידישע שונאים. אויב מיר ווילן ניט דיסקרימינירט ווערן אין קיין לאנד, איז דאך ניט מער ווי רעכט, אז די ציוניסטן זאלן זיך אפזאגן פון זייערע „בארימטע" לאזונגען, ווי „כיבוש העבודה" — פארכאפן די ארבעט, און „עבודת עברית" — יידישע ארבעט און „כיבוש הארץ"; דאס פארכאפן פון דער ערד איז דער גרעסטער שטער פאר א פארשטענ־דעניש צווישן ביידע פעלקער. דאס אויפגעבן פון אט די לאזונגען וועט אויך אוועקנעמען די פראפאגאנדע פון די ענגלישע אימפערי־אליסטן, וועלכע שאפן דאס בייזע לעבן צווישן ביידע פעלקער אין ארץ ישראל. די ציוניסטן, וועלכע דענקען, אז די יידן האבן ניט קיין צוקונפט אין גלות, זיינען שונאים פון דעם יידישן פאלק. ארץ ישראל וועט ניט ענדיקן דעם גלות. דער גלות וועט זיך ענדיקן ווען די מענטשהייט וועט ווערן פריי פון פאראורטייל, פריי פון האס, און וועט ווערן אויסגעאיידלט, א מענטש פון בוך, א ליבהאבער פון דער גאנצער מענטשהייט, ווי עס איז געשריבן: „ואהבת לרעך כמוך". בלויז דאן וועט קומען די אמת'ע גאולה פאר אלע אונטערדריקטע פעלקער און די מענטשהייט בכלל וועט קאנען אנהאלטן איר קיום.

היינט צו טאג איז ארץ ישראל פארוואנדלט אין איין גרויסן מיליטערישן לאגער. ענגלאנד וועט קיינמאל ניט אויפגעבן ארץ ישראל, ווייל פון דארטן וויל זי היטן דעם ענגלישן אימפעריאליזם; פון דארטן וויל זי האלטן אן אויג אויף דעם גאנצן מיטעלן מזרח, וואס איז פארן ענגלישן אימפעריאליזם א סטראטעגישער שליסל־פונקט. פון ארץ ישראל וויל זי באהערשן די וועגן צום סועץ קאנאל, וואס איז די בריק צווישן אזיע, אפריקע און דעם מיטלענדישן ים. ענגלאנד וועט זיך אנזעצן אויף די שוואכע פעלקער פון ארץ ישראל, זיי צע־טיילן און באהערשן, כדי דורך דעם גוט צו מאכן דעם פארלוסט אירן, וואס זי ווערט ארויסגעשטופט פון אינדיע, עגיפטן און פון אנדערע פלעצער.

איך באטראכט פאר א פאליטישן שווינדל דעם פאקט וואס ענג־לאנד וויל כלומרשט איבערגעבן די גאנצע ארץ ישראל פראגע צו די פאראייניקטע פעלקער. קלאר, אז זי וויל דארט הערשן מיט דער ברכה פון די „יונייטעד נעישאנס".

ניין, ענגלאַנד וועט קיינמאָל ניט אַרויס פון ארץ ישראל. קיין רויבער גיט ניט צוריק דעם רויב מיטן גוטן ווילן. די צוויי פעלקער אין ארץ ישראל מוזן זיך פאַראייניקן און אָפּנעמען דאָס לאַנד מיט געוואַלד! אַרויסשמייסן פון ארץ ישראל די פאַסקודנע אָקופּאַציע־מאַכט — די ענגלענדער. יענע וואָס האָפן, אַז ענגלאַנד באַזיצט נאָך אַביסל מאָראַל און אָנשטענדיקייט, וועלן בלייבן אַנטוישט. אויב גריכנלאַנד איז אַזוי סטראַטעגיש־וויכטיק פאַר דער אימפּעריאַליס־טישער ענגלאַנד מיט איר „אַרבעטער"־רעגירונג, און זי שעמט זיך ניט צו שטיצן דאָרט אַ פאַשיסטישע רעגירונג צוליב סטראַטעגישע אינטערעסן פאַרן מיטעלן מזרח, וועט זי פאַלעסטינע ניט אַרויסלאָזן פון אירע לאַפּעס. מען וועט פריער מוזן אַרומהאַקן ביים ענגלישן לייב די נעגל און אַרומצופּן זיין עק, און פאַרקריפּלען זיין אימפּעריאַליסטישן אַפּעטיט, — בלויז דאַן וועלן פעלקער קענען לעבן פריי!...

## מעגן מיר אָנרופן פאַלעסטינע — ארץ ישראל?

נאָך דעם איצטיקן חורבן אין אייראָפּע מוזן מיר פאַרשטאַרקן די יידישע שפּראַך און קולטור. דאָס איז אַ לעבנס פראַגע פאַרן קיום פון אונדזער פאָלק!

שוין מיט העכער צוויי טויזנט יאָר צוריק האָבן די יידן זיך אויפ־געהערט צו באַנוצן מיט העברייאיש אין זייער טאָג טעגלעכן לעבן אַלס שפּראַך. די יידן האָבן דאַן געוואַנדערט אין פאַרשידענע לענדער, זיך אויסגעמישט מיט פאַרשידענע פעלקער און אויסמישנדיק זיך מיט פאַרשידענע שפּראַכן און דיאַלעקטן, האָט דאָס יידישע פאָלק אַנטוויקלט די יידישע שפּראַך. אויף דעם לשון האָבן מיר אַנטוויקלט אַ רייכע יידישע ליטעראַטור, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן אַ פאָלק־ליטעראַטור פון יידישן פאָלק. זיין טאָג טעגלעכע שפּראַך איז געווען יידיש אין פולן זינען פון וואָרט. עס זיינען געגרינדעט געוואָרן מאַסן יידישע ישובים וואו די יידישע שפּראַך האָט זיך טיף איינ־געוואָרצלט צווישן יידן. העברייאיש איז געוואָרן די שפּראַך פונעם רעליגיעזן בוך און טעאָלאָגישע שריפטן פאַר לומדים. אָבער די יידישע שפּראַך איז געוואָרן דער סטימול, וואָס האָט געגעבן אַ שטויס פאָרויס צו שאַפן אַ גרויסע, רייכע יידישע קולטור, ליטעראַטור, וואָס האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ צווישן פעלקער־ליטעראַטורן. די ברייטע יידישע מאַסן האָבן געקראָגן אַ צוטריט צו די וויכטיקע וועלטפּולע יידישע ספרים. דורך יידיש איז דאָס בוך געוואָרן דאָס בוך פונעם פאָלק.

אין ארץ ישראל ווערט אונטערדריקט אַ שפּראַך פון טויזנט־יאָר פאָלקס־קולטור, די נאַציאָנאַלע שפּראַך פונעם יידישן פאָלק. אין ארץ ישראל ווערט יידיש איגנאָרירט און דיסקרימינירט. עס איז דאָרט דאָ אַ חרם אויף יידיש, וואָס ווערט סיסטעמאַטיש אַרויסגעשטופּט פונעם דאָרטיקן לעבן. אמת, אַז קיין עפנטלעכע פּאָגראָמען אויף יידישע פאַרזאַמלונגען, וואו מען פלעגט רעדן יידיש, קומען איצט שוין מער ניט פאָר. אָבער די מאָדערנע מעטאָדן פון באַזייטיקן דעם יידיש פונעם לאַנד, זיינען פונקט אַזוי געפערלעך ווי די פּאָגראָמען פון דער פאַרגאַנגענהייט, ווען מען פלעגט וואַרפן שטיינער און פּוילע אייער. אין ארץ ישראל איז פאַרבאָטן אויפצוהענגען אַ מעלדונג אין יידיש. איר קענט זען מעלדונגען אויף פאַרשידענע שפּראַכן, נאָר ניט אויף יידיש. אין ארץ ישראל דערשיינען פאַרשידענע טעגלעכע, מאָנאַטלעכע און פּעריאָדישע צייטונגען און זשורנאַלן אין דער העב־רייאישער שפּראַך — ביז 125 אויסגאַבעס. עס איז דאָרט אויך פאַראַן אַן ענגלישע פּרעסע פון איבער 40 פאַרשידענע אויסגאַבעס, ווי אויך אין דייטש. אָבער אין יידיש איז פאַראַן נאָר איין איינציקע פּעריאָדישע אויסגאַבע, „די נייע וועלט". אין די ביבליאָטעקן איז דער פּראָצענט פון יידישע ביכער זייער אַ קליינער, אַ נישטיקער — אינגאַנצן 3 פּראָצענט. דאָס דרוקן פון יידישע ביכער איז כמעט פאַרשוואונדן. אין דער זעלביקער צייט קענט איר געפינען אין די ביבליאָטעקן צענדליקער טויזנטער ביכער פון פאַרשידענע שפּראַכן און פון פאַרשידענע פעלקער. גענוג צו דערמאָנען אַז אין יידישן לאַנד געפינט זיך ניט קיין איין יידישע שול.

ווען מען באַקענט זיך מיט די טרויעריקע פאַקטן, וויטיקט דאָס האַרץ. מיט דעם אונטערגאַנג פון אַ דריטל פון אונדזער פאָלק וואָלטן מיר געדאַרפט זיך אַריינטראַכטן וועגן דעם גורל פון דער יידישער שפּראַך, קולטור און אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט יידיש. מיט דעם אונטערגאַנג פונעם פּוילישן יידנטום האָבן מיר פאַרלוירן אַ וויכטיקע קולטור באַזע, פון וועלכער עס האָבן געשעפּט די שאַפער, בויער, דער־ציער און טוער פון אַלע לענדער אָן אויסנאַם. מיט דעם אונטערגאַנג פונעם פּויליש־ליטווישן יידנטום איז דאָס גאַנצע יידישע פאָלק קולטור־על און גייסטיק גוואַלדיק פאַראָרעמט געוואָרן. עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן אַ געזונט יידיש פאָלק אָן דעם פּויליש־ליטווישן יידנטום! מיר זיינען געבליבן אָן דעם גרויסן קוואַל, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די גרויסע שעפערישע כוחות — פּוילן און ליטע האָבן אַרויסגעגעבן אַ גרויס רייכטום פון לומדות, פילאָזאָפיע, פּאָעזיע, שפּראַך, קולטור און אַ רייכע ליטעראַטור!

און ווען מען באַקענט זיך מיט דער לאַגע פון יידיש אין ארץ

ישראל, שטעלט זיך די פראגע, צי קאָן מען מיט צופרידנקייט אָנרופן דאָס לאַנד „ארץ ישראל״, בעת די אונטערדריקונג קעגן יידיש דער־מאָנט גיכער אָן די נאַציס, ווי אין אַ יידישן לאַנד. ווען ניט די ארויפגעצוואונגענע העברייאיזאַציע, וואָלטן מיר זיכער געקאָנט ברענ־גען קיין ארץ ישראל נאָך עטלעכע טויזנט יידן, וואָס זיינען שוין היינט מער נישטאָ.

דער ציוניזם האָט אויף זיך גענומען צופיל מיטאמאָל. אי מדבר, אי ענגלענדער, אי חלוציות, אי שנאה קעגן יידיש — ס׳איז איבער די כוחות! אזוי לאַנג ווי מען וועט אונטערדריקן יידיש אין פּאַלעס־טינע (דאָרט וואו מען אונטערדריקט יידיש טאָר מען ניט אָנרופן ארץ ישראל!) — בלייב איך אַ פיינט פונעם ציוניזם.

יעדע שיף, וואָס ברענגט יידיש־רעדנדיקע יידן צו די ברעגן פון פּאַלעסטינע, איז אַ פאַרבינדונג, אַ האָפענונג, אַז מען וועט שוין הערן ווענן אמת׳ן קאַמף קעגן די אונטערדריקער פון יידיש, טאָ זאָלן זיין וואָס מער אַזעלכע שיפן — כן ירבו! . . .

# דער גורל פון יידיש אין אַמעריקע

מיר ווערן אַלעמאָל זייער אָפּט אַנטוישט פון דער וועלט, אין זייער באַציאונג צום יידישן פאָלק. אָבער מיר אַליין, אַלס יידן, טאָרן קיינמאָל ניט פאַרגעסן אונדזער געשיכטע, אונדזער מיסיע, אונדזער גורל. מיר דאַרפן פירן אַן איינגעעקשנטן פאַרביסענעם קאַמף קעגן די פאַררעטער פונעם יידישן פאָלק, קעגן די אַסימילאַציע. מיר וועלן דאַרפן ווייטער טראָגן די פאַרבלוטיקטע יידישע פאָן אין דער וויי־טערדיקער צוקונפט אַריין!

איך בין געווען אונטערן איינדרוק, אַז נאָך אַזאַ טראַגישן מאָ־מענט אין אונדזער געשיכטע, וועלן מיר זיך קאָנען בעסער פאַר־שטענדיקן, זיין מער איניק, ווייל דאָס איז אַ קאַמף פאַר אונדזער קיום. אויב מיר וועלן ניט בלייבן איינגעשפּאַרט, קאָן זיין, אַז דאָס איז אונדזער לעצטער קאַמף. אויב די איצטיקע טראַגישע לאַגע האָט ניט באַוויזן אויפצוטרייסלען דעם אַמעריקאַנער יידישן געוויסן, און דאָס אַמעריקאַנישע יידנטום וועט בלייבן קאַלטבלוטיק צו דער פראַגע פון דערציאונג פונעם נייעם יידישן דור — דער יורש; אויב עס וועט בלייבן קאַלטבלוטיק צו דער יידישער שפּראַך, דאַן שטייען מיר פאַר אַ גרויס געפאַר. דער אַמעריקאַנער ייד קאָן ניט פאַרשטיין די באַ־דייטונג פון דעם גרויסן חורבן און איז ניט דורכגעדרונגען מיטן געפיל פון אומרו וואָס קומט אויפן יידישן פאָלק, מיט דעם אומקום

פון דעם מזרח־אייראָפּייאישן יידן, איז דער גרויסער קוואַל פון דינאַ־מישער שעפערישקייט פאַרבלוטיקט געוואָרן. די אַמעריקאַנער יידן פאַרשטעקן זייערע קעפּ אין זאַמד, כדי ניט צוצוזען ווי דער שטורעם פון אַסימילאַציע וועט אומברענגען דאָס יידישע וואָרט, קולטור, ליטע־ראַטור און טראַדיציעס ווען ניט דער אומאויסשעפּלעכער מעכטיקער יידישער שעפערישער קוואַל אין מזרח־אייראָפּע, וואָלט דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע שוין לאַנג געווען אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט. די אריינגעוואַנדערטע יידן פון אייראָפּע האָבן צוגעשטעלט די קולטור־עלע כוחות פאַר דעם פאַרצווייגטן יידישן לעבן אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. אָן דעם אייראָפּייאישן יידנטום וואָלטן מיר היינט ניט געקענט רעדן וועגן אַ יידיש לעבן אין אַמעריקע.

דאָס אַמעריקאַנישע יידישע לעבן איז דער טראַגיקאָמישסטער פאַל וואָס קאָן טרעפן מיט אַ פאָלק. די אַמעריקאַנער יידן זיינען אוועק פון דער תורה און ניט דערגאַנגען צום יידישן בוך. ער הערשט אַ שרעקלעכער עם־הארצות. ווען איך קוק זיך צו צום אַמעריקאַנער יידישן לעבן כאַפּט מיך אָן אַ שרעק. די אַסימילאַציע רייסט זיך אריין אין יידישן לעבן מיט אַזאַ ברען. מיר האָבן שוין דאָ אַ דור, וואָס קען ניט רעדן אַ וואָרט יידיש און אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט יידיש איז זיי פרעמד. עס הערשט צווישן זיי אַ פאַרלוירנקייט.

דאָס יידישע אַמעריקע האָט זיך אוועקגעשטעלט מיטן פּנים צו דער פאַרגאַנגענהייט און מיטן רוקן צו דער צוקונפט, און די אַסימי־לאַציע פרעסט זיך איין טיפער און טיפער אינעם יידישן לעבן דאָ. נאָך דער איצטיקער גרויזאַמער מלחמה מיט אירע קרבנות און חורבן וואָלטן מיר דאָך געדאַרפט אויפציטערן ביז די טיפענישן פון אונ־דזערע נשמות און אויפהערן קריכן אויף פרעמדע וועגן, נאָר צוריק אַרויף אויף דעם ברייטן יידישן וועג, וואָס וועט אונדז פירן צום קוואַל פון קולטור און וויסן. דאַן וואָלטן מיר געוואונען צוריק דעם מענטשלעכן, יידישן שטאָלץ!

מען דערציילט אַ מעשה, ווי אַ רעדאַקטאָר איז געזעסן ביים פענצטער און גראָד אין דאַן דורכגעגאַנגען אַ יידישע לוויה. איז דער רעדאַקטאָר אַרויס אין גאַס און געפרעגט אַ יידן ווער איז גע־שטאָרבן. ענטפערט דער ייד: „אַ ייד איז געשטאָרבן". האָט דער רעדאַקטאָר אַ זיפץ געטאָן: „אַ שאָד, אַ שאָד" און איז צוריק אַריין צו זיך אין הויז. ער האָט טעלעפאָנירט דעם פאַרוואַלטער פון זיין צייטונג און אים באַפוילן דרוקן 1 צייטונג ווייניקער, ווייל אַ ייד איז געשטאָרבן.

ביי אונדז אין אַמעריקע האַלט מען אין איין אָפּשטאַרבן. וועגן קיין יורשים טראַכט מען ניט. ווען איינער פון אונדז שטאַרבט —

שטאַרבט אַ לייענער פון דעם יידישן וואָרט און קיין צווייטער קומט ניט צו.

ווען מיר באַקענען זיך מיט די טרויעריקע אָפּשטויסנדיקע פאַקטן, וויפיל קינדער עס קריגן אַביסל יידישע דערציאונג, מוזן מיר קומען צום אויספיר, אַז דאָס יידישע געשריבענע וואָרט, דאָס יידישע בוך, איז פאַראורטיילט צו ליגן אויף די פּאָליצעס. דער גרעסטער טייל פונעם יונגן יידישן דור ווייסט גאָרניט פון ייד און יידישקייט. זיי איז פרעמד אונדזער פאַרגאַנגענהייט און זיי האָבן ניט קיין אינטערעס אין דער צוקונפט פון זייער פאָלק.

איך קען מענטשן, וועלכע האַלטן זיך פאַר פּראָגרעסיווע, אָבער זייער צוגאַנג צו דער יידישער פראַגע איז אַ שווידערלעכע. ניט קוקנ־דיק וואָס זיי באַזיצן ניט קיין צווייטע שפּראַך נאָר יידיש, האַלטן זיי דאָך, אַז שפּראַך איז בלויז אַ מיטל צו דערגרייכן דעם ציל. לאָמיר נעמען אַזאַ ביישפּיל: אַז די מענטשן האָבן שוין דערגרייכט זייער ציל, טאָ מיט וואָס פאַר אַ שפּראַך וועלן זיי זיך דאַן באַנוצן? די מענטשן וועלן נאָך אַלץ מוזן רעדן יידיש! זיי באַגרייפן ניט, אַז אַ שפּראַך איז נויטיק פאַר אַ פאָלק, פונקט ווי נאַרונג פאַר אַ קערפּער. ווען די יידישע שפּראַך זאָל אָפּשטאַרבן, דאַן שטאַרבט אָפּ דער יידישער חן — דאָס ספּעציפיש יידישע, וואָס מען קאָן אין קיין אַנ־דערע שפּראַך ניט איבערגעבן, ספּעציעל דאָס וואָס האָט צו טאָן מיטן יידישן פאָלק.

פון צייט צו צייט קויפט די גויאישע וועלט יידישע אַקטיאָרן און קינסטלער, צו שפּילן פאַר זיי גויאישע ראָלן. וויפיל גויאישע קינסטלער האָבן באַוויזן צו שפּילן יידישע ראָלן? איך האָב געלייענט אונדזערע קלאַסיקער איבערגעזעצט אויף אַנדערע שפּראַכן. אָ, ווי בלאַס זיי קומען דאָרט אַרויס. ווען מיר לייענען שלום־עליכם׳ס קול־טור־אוצר אין יידיש — ווי האַרציק מיר לאַכן עס דאַן. אַ דאַנק יידיש— לאַכן מיר ווי קינדער. אין אַמעריקע איז אַ שמחה ווען אַ יידיש קינד זאָגט אַ יידיש וואָרט. די וואָס האַלטן פון שמעלץ־טאָפּ טעאָריע, אַז אַ שפּראַך איז בלויז אַ מיטל צו דערגרייכן דעם ציל, זיינען ניט ביים ריכטיקן פאַרשטאַנד.

איך שטעל מיר פאָר אַזאַ בילד, ווען אין געגענט וואו עס וואוינען פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן און יעדער איינער פאַרזייעט לעבן זיין הויז זיין איינענעם גאָרטן אויף זיין איינענעם, איינגאַרטיקן נאַציאָנאַלן שטייגער. דאָס וואָלט דאָך פשוט באַרייכערט דעם גאַנצן אַרום. יעדער איינער וואָלט דאָך עפּעס גענאָסן פון דעם. אַלע איינגעוואַנדערטע פעל־קער וואָס האָבן מיטגעבראַכט גרויסע אַנטוויקלטע קולטורן און שפּראַכן, האָבן דאָך פאַרשטאַרקט די ענגלישע שפּראַך און קולטור. מיר מוזן

דעריבער קומען צום אויספיר, אַז עס איז אין די אינטערעסן פון יעדן פאָלק אָנצוהאַלטן און אַנטוויקלען די אייגענע קולטור און שפּראַך און דערביי זיך אויך באַהעפטן מיט די אַנדערע קולטורן פונעם לאַנד.

איך גלויב אין דעם אָנהאַלט פון דער יידישער שפּראַך, ווייל דאָס איז די שפּראַך וואָס דער גרעסטער טייל פון מיין פאָלק האָט גערעדט. אויף אָט דער שפּראַך זיינען אַ סך קולטורעלע ווערק געשאַפן געוואָרן. די שפּראַך איז געווען די בריק און דער צעמענט וואָס האָט פאַראייניקט און צוזאַמענגעהאַלטן דאָס יידישע פאָלק איבער גאָר דער וועלט. דורך דער יידישער שפּראַך האָבן מיר איינגעזאַפּט אין זיך דאָס אייגענאַרטיקע און אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיטן יידישן חן. אויף יידיש האָבן מיינע עלטערן איינגעפלאַנצט אין מיר גלויבן אין מיין פאָלק, ליבע צו דער מענטשהייט און אַ האָפנונג, וואָס יעדער ייד בענקט נאָך דעם ביז היינט צו טאָג.

די יידן אין פוילן האָט זייער אָפט ברויט געפעלט, אָבער מיט די לעצטע גראָשנס געשיקט די קינדער אין חדר אריין, צו באַקענען זיי מיטן יידישן וויסן און קולטור.

אויב מיר ווילן בלייבן טריי דעם הייליקן אָנדענק פון די 6 מיליאָן אומשולדיקע קדושים; אויב מיר ווילן, אַז דער צוקונפטיקער דור זאָל זיך ניט באַציען מיט פאַראַכטונג צו אונדזער אָנדענק, — דאַן מוזן מיר אַרבעטן פאַר דעם אויפהאַלט פונעם יידישן פאָלק. אַזוי לאַנג ווי עס וועלן זיין פעלקער אויף דער וועלט, דאַרף אויך זיין אַ יידיש פאָלק. מיר האָבן אַ רעכט אויף דעם, ווייל מיר האָבן גאָר פיל צוגעטראָגן צו דער וועלט־קולטור און ציוויליזאַציע. מיר האָבן די מענטשהייט געמאַכט רייכער, קאָלירפולער, און פאַרשענערט דאָס לעבן פון דער מענטשהייט.

אין דער צייט ווען אין די געטאָס האָט געהערשט הונגער, נויט, ענגשאַפט, קעלט, קראַנקהייטן און עפּידעמיעס, — אונטער די שווידער־לעכסטע אומשטענדן — האָבן די יידן ניט פאַרגעסן זייער שפּראַך, קולטור, טראַדיציעס. די יידן האָבן אַרויסגעוויזן גרויס שעפערישקייט: געשאַפן לידער, געגרינדעט שולן, אַרויסגעגעבן יידישע ביכער, צייטונגען, און געלעבט ווי יידן. די יידן אין די געטאָס, וואָס האָבן מיט אַזויפיל ווערדע געקעמפט פאַר יידישע חדרים, ליטעראַטור, קולטור, האָבן דאָס באַטראַכט ווי קאַמפּס־באַריקאַדעס קעגן דעם דייטשישן מערדער. די יידן האָבן אַרויסגעוויזן דעם העכסטן מוט און גבורה אין קאַמף פאַר זייער ירושה, וואָס זיי האָבן איבערגענומען פון זייערע עלטערן, און זיינען געבליבן טריי צו יענעם לעבנסשטייגער, זיך מקריב געווען און ניט געמאַכט קיין פשרות. די קדושים, ווען זיי זיינען געגאַנגען אין די גאַז־קאַמערן, פאַראורטיילטע צום טויט,

האָבן געפונען אַ דערלייכטערונג אין דעם יידישן זיפץ, אין דעם יידישן „אוי־וויי" אין אייגענעם מאמע־לשון, וואָס איז זיי געווען צום הארצן . . .

## פאַר אַ ניי יידיש לעבן אין פוילן!

די וואָס האָבן שוין געמאַכט הספדים אויף פוילן און יידן, וועלן בלייבן איצט אנטוישט, ווען זיי וועלן איבערלייענען די יידישע צייטונגען וואָס קומען אָן פון פוילן. יעדע שורה וועט פאַר זיי זיין אַ ביטערע פּיל. די מענטשן וועלן מוזן איינזען, אַז זיי האָבן ניט די מינדסטע פאַרשטענדעניש פאַר יידישע פּראָבלעמען.

מיך האָט טיף־שוידערלעך וויי געטאָן דער הספד, וואָס זיי האָבן אַזוי פּריצייטיק געמאַכט אויף דעם ביסל יידן אין פוילן. ווי קאָנעז יידן זיין אַזוי ברוטאַל און גאַר אַרויסרעדן אויף דער יידישער שפּראַך די פראַזע: „פוילן אָן יידן"?...זיי האָבן זיכער ניט געטראַכט וועגן דער טויזנט יאָריקער יידישער געשיכטע אין פוילן, וואָס איז געווען אַ רעטונג פאַרן יידישן לעבן איבער גאָר דער וועלט. איך וועל נאָך לעבן און זען ווי די „יידן" וואָס ארבעטן פאַר יציאת פוילן וועלן געפּייניקט ווערן פון זייערע געוויסנס. דער ווידעראויפבוי פונעם ישוב אין פוילן זאָל ביז זייערע לעצטע לעבנס־טעג צונעמען ביי זיי דאָס לעצטע ביסל מנוחה!

די געראַטעוועטע יידן אין אייראָפּע האָבן שוין באַוויזן מיט מעשים, אַז זיי בויען אַ ניי יידיש לעבן אין פוילן. זיי נויטיקן זיך אין דער הילף פון די יידן פון דער גאַנצער וועלט. מיר מוזן דאָס באַטראַכטן פאַר אַ נאַציאָנאַלער התחיבות צו דער שארית הפליטה פון פוילן און זיך פאַרבינדן מיט דעם אויפבוי פון אַ ניי און פּראָגרעסיוון יידישן לעבן אין פוילן. איך בין איבערצייגט, אַז פון אַזאַ נייעם געזונטן, יידישן לעבן אין פוילן וועלן געניסן אַלע יידן פון אומעטום.

מיר דאַרפן אָנהייבן צוריק אויפבויען דאָס יידישע לעבן אין אייראָפּע. צווישן די לעבן געבליבענע יידן זיינען כמעט אַצינד קיין קינדער ניטאָ. מיר מוזן דערפאַר טאָן אַלץ וואָס מיר קענען אויף צו העלפן דעם הייפעלע לעבן־געבליבענע קינדער. די מערסטע קינדער זיינען קיילעכדיקע יתומים. און איבערהויפּט — די יידן פון אייראָפּע בעטן ניט קיין צדקה, נאָר הילף, ברידערלעכע הילף! . . .

אין פוילן איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידישער צענטראַל קאָמיטעט מיט פאַרטרעטער פון פאַרשידענע שיכטן און פאַרטייען. דער

קאָמיטעט האָט זיינע פאַרטרעטער אין דער מלוכה. אין פוילן זיינען שוין אויפגעקומען א צאָל יידישע צייטונגען: „דאָס נייע לעבן" — ארויסגעגעבן פונעם יידישן צענטראַל קאָמיטעט, און אויך „וואַכנבלעטער" — צוויי־וואָכיקער צייטשריפט פון באַזונדערע פּאַרטייען. אין פוילן איז שוין איצט פאַראַן א היסטאָרישע קאָמיסיע ביים צענטראַל קאָמיטעט, וואָס זאַמלט די דאָקומענטן פון דער געשיכטע פון דער נאַצישער אויסראָטונג פון די יידן אין פוילן. אין לאָדזש איז שוין דאָ א יידיש טעאַטער. די גרעסטע טייל יידן קומען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. זיי זיינען פּראָדוקטיווע מענטשן און זיי בויען נייע אינסטיטוציעס און אנטוויקלען זיך גיך. אין פראַנקרייך זיינען שוין אויך פאַראַן א ריי צייטונגען און זשורנאַלן: „די נייע פּרעסע", „פּאַריזער שריפטן" און אנדערע.

די 150,000 יידן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אין סאָוועטן פאַרבאַנד, קערן זיך אום קיין פוילן. חיה גראָסמאַן — א חלוצה — איינע פון די מיידלעך פונעם אויפשטאַנד אין דער ביאַליסטאָקער געטאָ, פון גראָדנער געטאָ, מיטגליד פון דער דעלעגאַציע פון די פוילישע יידן קיין אמעריקע, האָט געזאָגט: „ניט אַלץ איז אוועק מיטן רויך פון די קרעמאַטאָריעס. עס איז געבליבן א העלדיש בלאַט פון יידישער גבורה און נאַציאָנאַלן שטאָלץ, און עס איז געבליבן א גרויסע צוואה פון יענע, וואָס האָבן דאָס בלאַט געשריבן. און די צוואה איז:

לעבן! און לעבן אזוי, אז אזא אידישע טראַגעדיע זאָל זיך מער ניט קאָנען איבערחזרן. דער קאַמף פון אונדזערע געטאָ העלדן און פּאַרטיזאַנען איז פון אָנהייב אָן געווען א פאַרשפּילטער. עס האָט זיך אָבער געהאַנדלט וועגן דעם כבוד פון אונדזער פאָלק. און דאָס האָבן מיר אין דעם געטאָ־קאַמף דערגרייכט! . . .

פאַר די יידן אין פוילן שטייט איצט די פראַגע וועגן עקאָנאָמיש. אויפלעב. עס איז געווים שווער צו זיין אין א לאַנד וואו די אייגענע זיינען אויסגעקוילעט געוואָרן. אָבער מיט אַלע כוחות פון די יידן איבער גאָר דער וועלט וועלן מיר, גלויב איך, דאָך באַוויזן צו שטעלן דאָס ביסעלע יידן אין פוילן אויף די פיס סיי גייסטיק און סיי מאַטעריעל.

דר. אדאָלף בערמאַן — דער נייער פאָרזיצער פונעם צענטראַל קאָמיטעט פון די פוילישע יידן, האָט דערקלערט, אז די כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם אין פוילן האָט זיך באַדייטנדיק פאַרקלענערט, אדאַנק דער פעסטער האַנט פון דער פוילישער רעגירונג.

דר. בערמאַן האָט דערקלערט, אז אין פוילן זיינען איצט פאַראַן 100,000 יידן, וואָס זיינען איצט אַנטשלאָסן צו שפּילן א ראָלע אינעם נאַציאָנאַלן קאַמף פון יידישן פאָלק. עס איז פאַלש די מיינונג, א

דער יידישער ישוב אין פוילן וועט אויפהערן צו עקזיסטירן. דער ישוב, ווי איר ווייסט, איז טאקע א קליינער, אָבער ער איז אקטיוו, דינאמיש און נאציאָנאל־באוואוסטזיניק.

אַלע פּאָליטישע גרופּעס אין פּוילן דאַרפן שטרעבן דערצו, אַז דער ישוב זאָל זיין פּראָדוקטיוו און שטיין אויף א הויכער קולטור־שטופע. די יידן אין פּוילן פילן זיך פאַרבונדן מיט אַלע יידישע ישובים אויף דער וועלט. דער צענטראַל קאָמיטעט, וואָס פאַרטרעט די יידן פון פּוילן, שטרעבט נאָך ענגער זיך צו פאַרבינדן מיט די יידן איבער דער וועלט. איך ווייס, די גרעסטע מערהייט פון די פּוילישע יידן פילן זיך באַזונדערס ענג פאַרבונדן מיט דעם יידישן ישוב אין ארץ ישראל און מיט זיין קאַמף פאַר א יידישן זעלבסט־שטענדיקן נאַציאָנאַלן לעבן.

אָבער די יידן אין פּוילן מוזן ניט דווקא פאָרן קיין ארץ ישראל. עס טאָר ניט איצט, נאָך אונדזער אומגליק וואָס האָט אונדז ערשט געטראָפן, גילטן דער לאָזונג: „ארויס פון גלות!" . . . ווען איך הער, אַז מען קען גאָר שטעלן אָט דעם לאָזונג, פאַלט אויף מיר אַן א פּחד. וואָס א טאָג ווערט ביי מיר אַלץ גרעסער די מורא, אַז דער טויט פון די 6 מיליאָן איז ניט נאָר געוועזן אַן איבעריקער, נאָר אויך אומזיסטער און אַז ער וועט אונדז גאָרניט לערנען; אַז דער דור וועט דערפון קיין שום גייסטיקן כוח ניט ארויסציען . . . איך האָב מורא, אַז מיר אַליין וועלן מיט אָט דעם פאַלשן צוגאַנג העלפן צום אונטערגאַנג פון אונדזער פאָלק.

געוויס דאַרפן מיר אַן אייגן לאַנד! אָבער אפילו ווי א פאָלק מיט אַן אייגן לאַנד וועט אונדז נאָך אויסקומען צו לעבן הונדערטער יאָרן אין גלות, און מיר דאַרפן דערפאַר מיט ציין און נעגל קעמפן קעגן דער שענדלעכער אסימילאַציע פון גלות.

שוין טויזנטער יאָר אַז גלויבן אין אונדזער לאַנד און גלויבן האָט אפילו היטלער ניט געקענט אינגאַנצן אויסראָטן.

מיר מוזן זיך האַלטן ווי איינס, סיי אין גלות און סיי אין אַן אייגן לאַנד. ווי קאָן א געטרייער ייד פון זיין פאָלק מבטל מאַכן די אַלע אַנדערע יידישע קבוצים אויסער ארץ ישראל? נאָכדעם ווי מען האָט אונדז מבטל געמאַכט, פאַרברענט, דערשטיקט, פאַרגאַזט, האָבן זיך דאָך אָנגעהויבן באַוויזן שפּראָצן פון א נייעם לעבן. מיר מוזן מיט אַלע כוחות העלפן, אַז דער ישוב אין פוילן זאָל זיך צעבליען. ווארים אַן דעם פּוילישן יידישן ישוב וואָלטן מיר היינט ניט געקאָנט רעדן וועגן א יידישן פאָלק. אין בעסטן פאַל וואָלטן פאַרבליבן צע־שפּרייטע רעשטלעך יידן. דער עיקור אין אזיע און אין אפריקע, אָבער אַלץ אָן גרויסע שעפערישע כוחות און אָן די נאַציאָנאַלע

אַמביציעס. מיר דאַרפן ניט דווקא בלויז דעם „מאָדערנעם" יידן. מיר דאַרפן אויך דעם טראַדיציאָנעלן יידן פון פוילן. און טראַדיציעס זיינען דאָך געווען אַזוי טייער און אַזוי געהייליקט ביים פוילישן יידנטום, אַז ער האָט זיך אפילו געקליידט טראַדיציאָנעל. עס מאַכט ניט אויס, צי איז די טראַדיציע פון קליידונג און פון סתם אויסער־לעבקייט טאַקע אַזוי הייליק. דער עיקור איז, טראַדיציע איז געווען דאָס שטאַרקסטע אינעם לעבן פון פוילישן יידנטום. טראַדיציע איז געווען שטאַרקער פון דער עקאָנאָמיק אפילו, ווייל די עקאָנאָמיק האָט שטאַרק געקעמפט מיט דער טראַדיציע, אָבער זי האָט זי ניט געקענט בייקומען. טראַדיציע איז געבליבן שטאַרק ביז דעם לעצטן טאָג פונעם לעבן פון דעם פוילישן יידנטום; ביז די דייטשישע מאַסן־מערדער האָבן אויסגעשאָכטן כמעט דאָס גאַנצע פוילישע יידנטום.

טאָ לאָמיר אָפּהיטן די געציילטע יידן און זען אַז פון אָט די פונקען זאָלן צוריק ווערן אַ פּאָלק! לאָמיר ניט דערלאָזן, אַז עס זאָל חלילה פאַרלאָשן ווערן דאָס ביסעלע יידישע ליכט אין פוילן!